פראָלעטאריער פון אלע לענדער, פאראייניקט זיך!

# פאָרפּאָסט

צווייכאדאָש־מדיקער ליטעראריש־קינסטלעריש׳ער
און פּאָליטיש־געזעלשאפטלעכער זשורנאל
פון דער יידישער אווטאָנאָמער געגנט

2—3

ביראָבידזשאַן—1940 יאָר

ה. נ. סוכארעוו — דעפוטאט פונ אויבערראט פונ פססר,
סעקרעטאר פונ געגנטקאָמ אלקפ(ב) פונ דער ייִד. אווט. געגנט

# זעקס יאָר ייִדישע אווטאָנאָמע געגנט

6 יאָר זײַנענ דורכגעגאנגענ זינט דעמ היסטאָרישנ באשלוס פונ ציק פונ פססר וועגנ דער אויסבילדונג פונ דער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט. אדאנק דער אומדערמידלעכער זאָרג פונ דער פארטיי, רעגירונג אונ פערזענלעכ פונעמ כאווער סטאלינ, האָט דאָס ייִדישע פאָלק, וואָס איז ביז דער רעוואָליוציע דוירעסלאנג געטריבנ אונ פארפאָלגט געוואָרנ, באקומענ זײַנ היימלאנד אונ בויט אינ דער ברידערלעכער פעלקער־מישפאָכע פונעמ גרויסנ ראטנפארבאנד זײַנ גליקלעכ לעבנ, זײַנ קולטור — א נאציאָנאלע לויט דער פאָרמ אונ א סאָציאליסטישע לויטנ אינהאלט, זײַנ סאָוועטישע מעלוכישקײַט.

אונטער די העלע שטראלנ פונ דער סטאלינישער קאָנסטיטוציע וואקסט אונ פעסטיקט זיכ די איינציקע אינ דער וועלט ייִדישע אווטאָנאָמע געגנט — דאָס קינד פונ דער לעניניש־סטאלינישער פאָליטיק. פאר די 6 יאָר פונ איר עקזיסטענצ האָט די געגנט דערגרייכט ניט קיינ קליינע דערפאָלגנ אינ דער אנטוויקלונג פונ דער סאָציאליסטישער אינדוסטריע, טראנספאָרט, לאנדווירטשאפט אונ קולטור.

די אינדוסטריע פונ געגנט, די מעלוכישע אונ די קאָאָפעראטיוו־געווערבישע, איז אינ פארגלײַכ מיטנ 1931 יאָר אויסגעוואקסנ אינ 7 מאָל. עס זײַנענ אויסגעבויט געוואָרנ נײַע זאוואָדנ אונ פאבריקנ, וואָס זייער פראָדוקציע גייט זיכ פאנאנדער ווײַט אויסער דער געגנט.

די צאָל אונטערנעמונגענ איז געשטיגנ פונ 16 ביז 39. די ברוטאָ-פראָדוקציע האָט באטראָפנ צומ סאָפ פונעמ 1939 יאָר 32.692 טויזנט רובל.

אפ דער קארטע פונ דער געגנט זײַנענ פארצייכנט נײַע קאָלווירטישע ייִשווים אונ ארבעטער-ייִשווים, וואָס זײַנענ אויסגעוואקסנ אפ א פוסטנ אָרט אינ דער טײַגע. דאָרט, ווו עס איז געווענ דער קליינער ראזיעזד טיכאָנקאיא, איז אויסגעוואקסנ דער נײַער אינדוסטריעלער צענטער פונ געגנט — די שטאָט בירעבידזשאנ. צומ סאָפ פונעמ דריטנ פינפיאָר וועט בירעבידזשאנ באקומענ א וואסערלייטונג, קאנאליזאציע, א טערמאָ-עלעקטראָצענטראל. האיאָר וועט געלאָזט ווערנ אינ עקספלואטאציע דער מעכאניזירטער ברויט-זאוואָד.

א באדײַטנדיקנ שריט פאָרויס האָט געמאכט די לאנדווירטשאפט פונ דער געגנט. מיט 6 יאָר צוריק האָט דער פארזייי־שעטעכ באטראָפנ 27 טויזנט הא, האיאָר פארזייענ די קאָלווירטנ אונ ראטווירטנ פונ געגנט העכער 39 טויזנט הא. אפ די קאָלווירטישע פעלדער ארבעטנ 122 קאָמבײַנענ, הונדערטער טראקטאָרס אונ אנדערע לאנדווירטשאפטלעכע מאשינעס. די טעכנישע בא-

וואָקסנטקײַט פונ די מאשינ-טראקטאָר־סטאנציעס איז אינ פארגלײַכ מיטנ 1934 יאָר געשטיגנ אינ 8 מאָל. די צאָל מטס האָט זיכ פארגרעסערט פונ 3 ביז 8. אינ געגנט ווערנ אָנגעציילט 18 איבערוואנדערישע קאָלווירטנ. עס זײַנענ פאראנ 4 ראטווירטנ, עס ווערט אָרגאניזירט נאָכ איינ גרינס־ אונ ביצוקער־ראטווירט.

די רײַכסטע פיטער־פעלצער אונ היי־לאָנקעס שאפנ גינסטיקע באדינגונגענ פאר א ברייטער אנטוויקלונג פונ דער פיצוכט. עס איז אויסגעוואקסנ די צאָל פי. פאראיאָרנ זײַנענ אינ די קאָלווירטנ געווענ 87 סכוירעדיקע פערמעס, הײַיאָר איז די צאָל פערמעס אפנ גרונט פונ אויספילנ די באשלוסנ פונעם XVIII פארטיי-צוזאמענפאָר געשטיגנ ביז 118. עס האָט זיכ אויכ געהעכערט די פראָדוקטיווקײַט אונ האכנאָסע פונ דער געזעלשאפטלעכער פיצוכט. דער קאָלווירט „דאלנעוואָסטאָטשני קאָלכאָזניק" (פאָרזיצער כ. קאָסטיאל, אנטיילנעמער פונ דער אלפארבאנדישער לאנדווירטשאפטלעכער אויסשטעלונג, וואָס איז באלוינט געוואָרנ מיט א גרויסנ גאָלדענעמ מעדאל), האָט זיכ פאראיאָרנ דערשלאָגנ א געמעלק פונ העכער 2 טויזנט ליטער מילכ פונ א פוראזש־קו, באקומענדיק פונ דער פיצוכט בא 300 טויזנט רובל האכנאָסע. אינ געגנט זײַנענ פאראנ 48 קאָלווירטישע פאסעקעס, העכער 11 טויזנט בינ-בישפאָכעס, וואָס גיבנ יערלעכ הונדערטער טאָנ האָניק.

עס איז געשטיגנ דער מאטעריעלער וווילשטאנד פונ די קאָלווירטנ אונ קאָלווירטניקעס—„וואלדהיימ" אונ „דאלנעוואָסטאָטשני קאָלכאָזניק" זײַנענ געוואָרנ מיליאָנערנ. אינ פיל קאָלווירטנ האָט מענ אויסגעצאָלט ביז 12 רובל, כוצ פראָדוקטנ, אפ אנ ארבעטס־טאָג. די פאמיליע פונעמ קאָלווירטניק געפענ האָט אינ קאָלווירט „וואלדהיימ" פאראיאָרנ באקומענ פאר די ארבעטס-טעג העכער 15 טויזנט רובל, די פאמיליע פונ וואָלפסאָנ—13 טויזנט רובל.

אינ רעזולטאט פונ דער ברייט פאנאנדערגעוויקלטער סאָציאליסטישער פארמעסטונג פאר א הויכער גערעטעניש, פארנ ווײַטערדיקנ אײַנגלידערנ אגראָ־טעכנישע מאָסמיטלענ, אָרגאניזאציאָנעל-ווירטשאפטלעכנ אונ פאָליטישנ פארפעסטיקנ די קאָלווירטנ האָבנ באקומענ דאָס רעכט צו באטייליקנ זיכ אינ דער אלפארבאנדישער לאנדווירטשאפטלעכער אויסשטעלונג אינ 1939 יאָר די פארגעשריטענע קאָלווירטנ „דאלנעוואָסטאָטשני קאָלכאָזניק", „וואלדהיימ" אונ 87 אוואנגארדיסטנ פונ דער לאנדווירטשאפט. די בעסטע קאָלווירטניקעס־אוואנגארדיסטנ זײַנענ באלוינט מיט מעדאלנ אונ מיט ווערטפולע מאטאָנעס. הײַיאָר זײַנענ 10 קאָלווירטנ אונ 137 אוואנגארדיסטנ פונ דער סאָציאליסטישער לאנדווירטשאפט באשטעטיקט אלס קאנדידאטנ פונ דער אלפארבאנדישער לאנדווירטשאפטלעכער אויסשטעלונג.

די באשטימונג פונ צק אלקפ(ב) אונ ראטפאָלקאָמ וועגנ „די ענדערונגענ אינ דער פאָליטיק פונ די פארגרייטונגענ אונ אײַנקויפונגענ פונ לאנדווירטשאפטלעכע פראָדוקטנ" האָט ארויסגערופנ אנ אויפשטײַג אינ די קאָלווירטנ פונ געגנט, האָט מאָביליזירט די ברייטע מאסנ קאָלווירטניקעס אפ וואָס בעסער דורכפירנ דעמ פרילינג-פארזיי, אפ אויסקעמפנ א סטאלינישע גערעטעניש, העכערנ די פראָדוקטיווקײַט פונ דער פיצוכט. דער פארזיי גייט דורכ אינ די קאָלווירטנ אונ ראטווירטנ פונ געגנט אָרגאניזירטער, ציידער אינ פאָריקנ יאָר אונ אפ א העכערנ אגראָ-טעכנישנ ניוואָ.

אמערסטנ מערקווירדיק איז דער וווּקס פונ די מענטשנ. דער געוועזענער שנײַדער יאָסל אבראמסקי איז איצט דער בעסטער קאָלווירטישער כא-

ייִדיש-ציכלער אין געגנט. דער אָנטיילנעמער פון דער אַלפאַרבאַנדישער לאַנדווירטשאַפטלעכער אויסשטעלונג כווישע וויטבערג איז דער בעסטער פאַר־וואַלטער פון מילכפערמע. דער מאָזיגער פונעם ייִדישן איבערוואַנדערישן קאָלווירט ״בילײַאַנער״ כ. פעלדהענדלער איז באַלױנט געוואָרן מיט א קלײנעם גאָלדענעם מעדאַל פון דער לאַנדווירטשאַפטלעכער אויסשטעלונג פון 1939 יאָר. מוישע קנאָפ — א זון פון א קירזשנער, איז געוואָרן דער בעסטער סטאַכאַנאָוועץ־טראַקטאָריסט און אַרבעט אלס פאָרזיצער פון א קאָלווירט.

לט האָקמט די צאָל שולן און קולטור־שטייגער-אַנשטאַלטן. אין 111 שולן פון געגנט לערנען זיך 17 טויזנט קינדער. עס זײַנען געשאַפן געוואָרן א פעדאַגאָגישע, מעדיצינישע שולן, א לאַנדווירטשאַפטלעכער טעכניקום און אן אײַזנבאַן-טעכניקום, א קינדערישע מוזיקאַלע שול און א באַלעט־שול. עס דערשײַנען 2 געגנטלעכע צײַטונגען — א ייִדישע און א רוסישע, 4 ראַיאָנישע צײַטונגען און צוויי פּאָליטאָטדעלשקעס. אין ביראָבידזשאַן דערשײַנט דער צוויי־כאָדעשעדיקער ליטעראַריש־קינסטלערישער און געזעלשאַפטלעך־פּאָליטישער זשורנאַל „פאָרפּאָסט“.

כאָטאָיאָרן איז אין ביראָבידזשאַן אויסגעבויט געוואָרן א מיטלשול אף 880 ערטער, מיטלשולן אין לענינסק, ביראַקאַן. לויטן פּלאַן פון דריטן פינף־יאָר איז אָנגעמערקט צו בויען א פעדאַגאָגישן אינסטיטוט און א פּיאָנערן־פּאַלאַץ. עס ווערט פאַרענדיקט די בויונג פון דער ביבליאָטעק. עס איז אויס־געבויט געוואָרן א קינאָ־טעאַטער אף 480 ערטער.

אין איינע יאָרן מיט דער געגנט איז איינער פון די פאָרגעשריטענע ייִדישע טעאַטערס אין ראַטנפאַרבאַנד — דער ביראָבידזשאַנער מעלוכישער טעאַ־טער א.נ. פון ל.מ. קאַגאַנאָוויטש. היאָר איז דער טעאַטער אַרויסגעפאָרן אין א גאַסטראָל־רײַזע אף אוקראַינע, וווּ ער וועט דעמאָנסטרירן די צעבליִונג פון דער ייִדישער סאָציאַליסטישער קולטור פון דער ייִדישער אויטאָנאָמער געגנט. באַם טעאַטער איז אויך געשאַפן געוואָרן א רוסישע גרופּע. צום סאָף פון דריטן פינפיאָר איז אָנגעמערקט געוואָרן אויסצובויען א נײַעם טעאַטער אף 850 ערטער.

אין געגנט אַרבעט א גרופּע טאַלאַנטפולע שרײַבער און דיכטער.

עס זײַנען אויסגעוואַקסן גלענצנדיקע קאַדרען פון סאָוועטישער אינ־טעליגענץ. פונעם 1930 יאָר אַרבעטן אין די שולן פון געגנט די לערער קאָפּעליאָוויטש, באַרנהאָלץ, מאַרטינאָוו א. אאַנד. וואָס זײַנען צוגעשטעלט צו באַקומען דעם טיטל פון פאַרדינסטפולע לערער. מיט אָרדענס און מע־דאַלן פון פאַרבאַנד זײַנען באַלױנט געוואָרן די לערער קוזמינא, סוראָוצעוואַ, שפּיץ, ליכטענשטיין, וועדישטשעוו, יוריעווא, קראַוועץ, סאַפּאָזשניקאָוו.

גרויס און גרענעצלאָז איז די ליבע פון די אַרבעטנדיקע פון דער געגנט צו דער פּאַרטיי פון לענין — סטאַלין. אין די רייען פון דער פּאַרטיי גייען די בעסטע מענטשן, איבערגעגעבענע זין און טעכטער פון סאָציאַליסטישן היימ־לאַנד, סטאַכאַנאָווצעס אין סטאַכאַנאָווקעס פון אונדזערע זאַוואָדן, פאַבריקן, קאָלווירטן, די בעסטע פאָרשטייער פון דער סאָוועטישער אינטעליגענץ. פאַר די לעצטע צוויי יאָר, און באַזונדערס נאָכן XVIII פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר האָט די פּאַר־טיי־אָרגאַניזאַציע פון געגנט פאַרגרעסערט אירע רייען אין צוויי מאָל און זי ציילט שוין איצטער 2,5 טויזנט מיטגלידער און קאַנדידאַטן. די קאָמיוגישע אָר־גאַניזאַציע פון געגנט שטעלט פאָר מיט זיך אן אָטריאַד פון 9 טויזנט מענטשן.

אויספילנדיק די גראנדיעזע אויפגאבעס, וואָס זײַנענ געשטעלט געוואָרנ דורכ דעמ היסטאָרישנ XVIII צוזאמענפאָר פונ אלקפ(ב), דארפנ מיר שאפנ אינ געגנט אנ אייגענע קוילנ-און טאָרפ-אינדוסטריע, פארברייטערנ די באזע פונ קארטאָפל און גרינס, אנטוויקלענ די געזעלשאפטלעכע פיצוכט און אויפעס-צוכט, פארפלאנצנ סעדער, אָרגאניזירנ נײַע אונטערנעמונגענ און ארויסלאָזנ וואָס מער פראָדוקציע פונ ברייטנ געברויכ. די אויספילונג פונ די דאָזיקע אויפגאבעס וועט מאכנ דאָס לעבנ פונ די ארבעטנדיקע נאָכ מער וווילגעאָרדנט, קולטורעל און רײַכ. קעדיי דאָס אלצ צו פארווירקלעכנ, זײַנענ נייטיק קאדרענ. מע דארפ אינ דער גאנצער ברייט אוועקשטעלנ די איבערוואנדערונג אינ אונדזער געגנט.

דער פלאנ, וואָס איז פארויסגעזענ געוואָרנ אפ אונצונעמענ איבערוואנדערער אינ די קאָלווירטנ פונ געגנט אינ 1940 יאָר, איז שוינ אויסגעפילט געוואָרנ. אינ די קאָלווירטנ זײַנענ געקומענ פארשטייער פונ פאמיליעס, וואָס האָבנ ברייט פאנאנדערגעוויקלט די בויונג פונ הײַזער. עס קומענ שוינ צו פאָרנ די פאמיליעס. אינ פיל קאָלווירטנ האָט זיכ פאנאנדערגעוויקלט לויטנ בײַשפיל פונ די קאָלווירטנ פונ נאָוואָסיבירסקער געגנט א באוועגונג פונ בויענ הײַזער פאר איבערוואנדערער מיט די קויכעס און מיטלענ גופע פונ די קאָלווירטנ. א מערהײַט קאָלווירטנ פארזייענ העכער דעמ פלאנ, נעמענדיק אינ אכט דעמ ווײַטערדיקנ וווקס פונ די קאָלווירטנ.

די געגנט גרייט זיכ איבערצונעמענ העכער 200 יידישע פאמיליעס פונ ווײַסרוסלאנד און אוקראינע. אינ די קאָלווירטנ „וואלדהײַמ" און „20 יאָר אָקטיאבער" זײַנענ געקומענ די ערשטע 25 פאמיליעס, וואָס האָבנ זיכ שוינ אײַנגעשלאָסנ אינ דער ארבעט.

עס האָט אויסגעדריקט א ווונטש איבערצוּוואנדערנ צו אונדז אינ געגנט דער קאָלווירט „עמעס" פונ טשאוסער ראיאָנ, וואָס באשטייט פונ 63 פאמיליעס. מיר גרייטנ זיכ אויפצונעמענ דעמ קאָלווירט אינ קאָלווירט א.נ. פונ מאָלאָטאָוו, וואָס ווערט אָרגאניזירט אינ בירָאבידזשאנער ראיאָנ. עס האָט אויכ אויסגעדריקט דעמ ווילנ איבערוואנדערנ פונ האָמעל א טראנספאָרט-ארטעל פונ פורמאנעס.

וועגנ דער גרויסער שטרעבונג איבערצוּוואנדערנ צו אונדז אינ געגנט, באזונדערס אינ די קאָלווירטנ, רעדנ די פילצאָליקע מעלדונגענ און בריוו פונ די ארבעטנדיקע, וואָס קומענ אָנ פונ אלע עקנ ראטנפארבאנד.

די ארבעטנדיקע פונ אונדזער געגנט האָבנ זיכ דערשלאָגנ קאָלאָסאלע דערפאָלגנ אינ דער סאָציאליסטישער בויונג, צעגראָמירנדיק אונטער דער אָנפירונג פונ דער באָלשעוויסטישער פארטיי, די פײַנטלעכע נעסטנ פונ די נאציאָנאליסטנ און טראָצקיסטיש-בוכארינישע אגענטנ פונ אימפעריאליזמ.

די פארטײַישע און אומפארטײַישע באָלשעוויקעס פונ געגנט פארגעסנ קיינמאָל ניט, אז אונדזער געגנט גרענעצט זיכ מיט מאנדזשוריע, וואָס איז פארכאפט געוואָרנ דורכ די יאפאָנישע רויבער, וואָס שארפנ די ציינ אפ אונדזער בליִענדיקנ סאָוועטישנ ווײַטנ מיזרעכ. מיר וועלנ אויכ אפ ווײַטער אומדערמידלעכ, מיט דער גאנצער באָלשעוויסטישער לײַדנשאפטלעכקײַט, פעסטיקנ אונדזער לאנדשוץ, זיכ נאָכ ענגער פארבינדנ מיט די טיילנ פונ דער העלדישער רויטער ארמיי, נאָכ ברייטער פאנאנדערוויקלענ די מאסאָווע לאנדשוץ-ארבעט און פעסטיקנ די לאנדשוץ-מעכטיקײַט פונ אונדזער סטאלינישנ היימלאנד.

די פּאַרטיי, די סאָוועטישע רעגירונג און פּערזענלעך דער כאַווער סטאַלין און דאָס גאַנצע סאָוועטישע פאָלק גיבן אָפּ דער יידישער אווטאָנאָמער געגנט גרויס אויפמערקזאַמקייט. מיר וועלן אָנשטרענגען אַלע קויכעס, כּדי צו באַרעכטיקן דעם דאָזיקן גרויסן צוטרוי. מיר וועלן מיט דער גאַנצער ענערגיע בויען ווייטער אונדזער קולטור און דעם וווילשטאַנד פון די אַרבעטנדיקע.

אונטער דער אָנפירונג פון דער גרויסער פּאַרטיי פון לענין—סטאַלין וועלן מיר נאָך ענערגישער קעמפן פאַר פאַרווירקלעכן די גרויסע אויפגאַבעס, וואָס זיינען געשטעלט געוואָרן פאַר די אַרבעטנדיקע פון אונדזער געגנט דורך דער פּאַרטיי און רעגירונג און וועלן פאַרוואַנדלען אונדזער געגנט אין אַ פאָרגעשריטענער אין קאַנט און אינעם גאַנצן פילנאַציאָנאַלן פאַרבאַנד סאָוועטישע סאָציאַליסטישע רעפּובליקן.

## וו. מאיאקאָווסקי

# וולאַדימיר איליטש לעניג

(אויסצוג פון דער פּאָעמע)

...און אין דער שטאָט,
וואָס ווערט שוין פאַרשווומען מיט שמאַלץ
האָט פּלוצעם פון דאָרט,
פון הינטער נעוואַס בריק,
פון פינלענדער וואָקזאַל,
איבער דער וויבאָרגער גאַס,
א הילך געטאָן א בראָנעוויק.
און ווידער
א ווינט,
א פרישער נעמט בלאָזן.
די כוואַליעס
פון דער רעוואָליוציע
שוימען און ברענען.
אַס ליטייני פּראָספּעקט —
קעפּקעס און בלוזעס.
„לענין איז מיט אונדז,
זאָל לעבן לענין!"
„כאַווירים!" —
און איבער קעפּ
פון מענגעס צעשטראַלטע
האָט אַרויסגעשטעלט די האַנט,
די פאַרויסגעשפּיזטע:
„מירן אַראָפּוואַרפן
פון עסדעקישקייט
די שמאַטעס, די אַלטע.

נידער
מיט דער מאַכט
פון פּשאָרעמאַכערס און קאַפּיטאַליסטן.
מיר, —
די שטים
פון נידער פון וויסטן,
פון די אַרבעטער-מאַסן
פון דער וועלט אין גראַטן.

זאָל לעבן
די פּאַרטיי,
וואָס בויט קאָמוניזם!
זאָל לעבן
דער אויפשטאַנד
פאַר דער מאַכט פון די ראַטן!"
צום ערשטן מאָל
פאַר די צעטומלטע מענגען
אָט דאָ,
פאַר דיר,
נאָענט,
איז
אויפגעשטאַנען,

ווי אַ פּאָשעטע,
אַ זאַך אַ שטרענגע,
דאָס אומדערגרייכבאַרע וואָרט
„סאָציאַליזם".
אָט דאָ,
פון הינטער די זאַוואָדן, וואָס הודען,
מיט שיין אַפן האָריזאָנט
איבערן הימל-געפלעכט,
איז אויפגעשטאַנען
די מאָרגנדיקע
אַרבעטער-קאָמונע —
אָן בורזשויען,
אָן פּראָלעטאַריער,
אָן פּריצים און אָן קנעכט.

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

דאָס הויז
פון קשעסינסקע,
וואָס איז געשענקט איר
פאַר פּיסדריגערײַ,
איז פול
מיט אַרבעטער-בלוזעס.
עס רינט אהער
די פאַבריקישע מענגע,
דאָ,
ווערט זי פאַרהאַרטעוועט
אין דער לענינישער קוזניע.

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

...און די פּאַרטיי איז ווידער
אין אונטערערד, פאַרשטעלט,
אילײטש אין ראַזליוו,
אילײטש אין פינלאַנדיע.
אָבער ניט דער בוידעם,

ניט דאָס געצעלט,
ניט דאָס פעלד
װעלן דעם פירער ניט אויסגעבן
דער צעװילדעװעטער באַנדע.
לענינען זעט מען ניט,
נאָר ער איז פאַראַן.
אין דעם, װי די אַרבעט זיך באַװעגט
זעט מען
דעם פירנדיקן
לענינס געדאַנק,
לענינס האַנט,
װאָס װײַזט דעם װעג.
פאַר איליטשס װערטער
דער בעסטער באָדן:
זיי פאַלן—
און באַלד
װאַקסט אויס די זאַך,
און האַרט
נעבן די אַרבעטער פון די זאַװאָדן
שטייען אויף פויערים,
מיליאָנען אַסאַך.
און װען ס׳האָט באַדאַרפט שוין
אַרויס מיט געװיטער,
אַ טאָג
אָנגעמערקט
אין װאָכן-בײַטן,
איז לענין
אַליין
געקומען קײַן פּיטער:
„כאַװײרים,
גענוג ציִען! שוין צײַט!—
דער יאָך פון קאַפּיטאַל,
דער הונגער, די באַרײַסער,
דער באַנדיטיזם פון מילכאָמעס,
די אינטערװענציע-געװיכטן—
ס׳װעט זײַן!
זיי אַלע װעלן אויסזען
פון בראָדיװוקעס װײַסער
אַפן לײַב פון דער באָבע,
דער אַלטער געשיכטע.
און פון דאָרט,
אַף די טעג
װעסטו נעמען קוקן,
װעסטו לענינס
קאָפּ

דערזענ, ווי ער בלאנקט,
דאָס איז
פונ צענ טויזנט יאָר
קנעכטישנ בוקנ,
און די יאָרהונדערטער
פונ קאָמונע
א לויכטנדיקער איבערגאנג.
עס וועלנ דורכ
די יאָרנ
פונ הײַנטיקע פליכטנ,
ס׳וועט ווארעמענ
פונ קאָמונע דער זומער,
און דאָס גליק
מיט זיסקײַט
פונ ריזיקע פרוכטנ
וועט צײַטיקנ
אפ די רויטע
אָקטיאבערשע בלומענ.
און דעמלט
בא די לייענערס
פונ לענינישע באפעלנ,
באם איבערקלײַבנ
פונ דעקרעטנ
דאָס כארגעלטע פאפיר
שוינ אָפגעשאפענע טירנ
ארויסטרעטנ וועלנ,
און דאָס בלוט
וועט אינ שלייפנ
זיכ געבנ א ריר.
ווענ איכ
סומיר,
וואָס האָט פאסירט מיט מיר אינ לעבנ
און כ׳גריב״ זיכ אינ די טעג—
ווו איז דער שענסטער, וואָס איכ פארמאָגנ
דערמאָנ איכ זיכ שטענדיק
וועגנ איינעם און דעם זעלבנ—
דעם פינפ און צוואנציקסטנ
דעם ערשטנ טאָג.
ווי באגנעטנ
די קריצנ פונ בליצנ
שטויסנ זיכ.
ווי אינ פילקע
מיט באָמבעס
שפילנ
מאטראָסנ.

פונעם הודענ
צײטערס
דער סמאָלני דער ברויזיקער,
אינ באַטראָנענ-לענטעס
רויטגוואַרדייער זיכ הילנ.

—אײַנ
אלע
רופט ארויס
דער כאַוער סטאלינ!

—ייִריש ד. האָפשטײנ



דאַוויד בערגעלסאָן

# 30 יאָר ליטעראַרישע טעטיקײַט פונ דאָוויד בערגעלסאָנ

כאווער בערגעלסאָנ!

דער געגנטקאָם אלקפ(ב) אונ אויספּירקאָם פונ געגנטלעכנ ראט פונ דעפּוטאטנ פונ די ארבעטנדיקע פונ דער יידישער אווטאָנאָמער געגנט שיקנ אײַכ, דעם בעסטנ פאָרשטייער פונ דער יידישער סאָוועטישער ליטעראטור, אינ טאָג פונעם 30-יאָריקנ יובילײ פונ אײַער ליטעראַרישער טעטיקײַט, אינ נאָמענ פונ די ארבעטנדיקע פונ געגנט א הייסנ גרוס! אײַער יובילײ איז א גרויסער יאָנטעוו פונ דער יידישער סאָוועטישער ליטעראטור, א נאציאָנאלער לויט דער פאָרם אונ סאָציאליסטישער לויטנ אינהאלט. די ארבעטנדיקע פונ דער געגנט ווילנ שטענדיק זײַנ גליקלעכ צו זענ זײַט בא זײַט מיט זיכ אינ דער איבערגעגעבענער ארבעט צו גונסטנ דעם היימלאנד אײַכ—דעם בעסטנ שרײַבער פונ דער יידישער סאָוועטישער ליטעראטור.

מיר ווינטשנ אײַכ ווײַטערדיקע דערפאָלגנ צומ רומ פונ דער יידישער סאָציאליסטישער ליטעראטור.

סעקרעטאר פונ געגנטקאָם אלקפ(ב)

**ה. סוכארעוו**

פארטרעטער פונ פאָרזיצער פונ געגנטויספּירקאָם

**מ. זילבערשטיינ**

***

טײַערער כאווער בערגעלסאָנ!

אינ טאָג פונעם 30-יאָריקנ יובילײ פונ אײַער ליטעראַרישער טעטיקײַט,—א טאָג א פריידיקער פאר דער גאנצער יידישער אונ אלגעמיינער סאָוועטישער קולטור,—נעמט צו צווישנ די פיל הארציקע באגריסונגענ אונ ווונטשנ, וואָס פלייצנ הײַנט צו אײַכ פונ אומעטומ, אויכ פונ די שרײַבער פונ דער יידישער אווטאָנאָמער געגנט—א הייסנ, א הארציקנ גרוס!

מיר, די שרײַבער פונ דער איינציקער אינ דער וועלט יידישער אווטאָנאָמער געגנט, שטאָלצירנ דערמיט, וואָס מיר האָבנ געשטעלט אונדזערע ערשטע שריט אינ דער ליטעראטור אונ מאכנ דורכ ווײַטער אונדזער שעפערישנ וועג בא דער הילפ אונ שטיצע פונ אזא גרויסנ מײַסטער אונ געטרײַענ לערער, ווי איר.

מיר שטאָלצירנ מיט דער פאראנטוואָרטלעכקײַט, וואָס פאלט אפּ אונדז—צו שילדערנ די מענטשנ אונ דאָס לעבנ פונ דער יידישער אווטאָנאָמער געגנט, וועלכער איר האָט שוינ געווידמעט אזויפיל גלענצנדיקע זײַטלעכ אינ אײַער בוכ „בּיראָבּידזשאנער“ אונ אינ אנדערע ווערק.

מיר זײַנענ גליקלעכ פונעמ באַוווסטזײַנ, וואָס אזא וואָרט-מײַסטער, ווי איר, שפּירט נאָכ יעדנ שריט אונדזערנ אונ זעט שטענדיק גרייט אָנווײַזנ אפּ אונדזערע בלויזנ אונ אפּ די מיטלענ צו פאַריכטנ זיי. מיר זײַנענ גליקלעכ, וואָס מיר קענענ דורכמאַכנ אונדזער קינסטלערישע הויכשול אפּ אײַער „באַמ דניעפּער", וואָס באַקרוינט אַזוי ווירדיק אײַער מערקווירדיקנ דרײַסיקיאָריקנ שעפּערישנ וועג.

מיר זײַנענ זיכער אינ אײַערע ווײַטערדיקע, נאָכ גרעסערע דערפּאָלגנ! מיר ווינטשנ זיי אײַכ אינ אָט דעמ טאָג פונ אונדזער אַלעמענס יאָנטעוו, פונעמ גאַנצנ הארצנ, טײַערער כאַווער בערגעלסאָנ!

**ב. מילער, ה. ראַבינקאָוו, ס. באָרזשעס, ה. דאָבינ, ל. וואַסערמאַנ, אי. בראָנפמאַנ, א. האָפּשטיינ.**

***

ליבער כאַווער בערגעלסאָנ!

אינ פײַערלעכנ טאָג פונעמ דרײַסיקיאָריקנ יובילײ פונ אײַער ליטעראַרישער שאַפונג נעמט צו א היימנ גרוס פונ דער רעדקאָלעגיע אונ די לייענער פונעמ זשורנאַל „פּאָרפּאָסט".

מיר זײַנענ שטאָלצ דערמיט, וואָס איר זײַט געווענ פונ די ערשטע באַנײַטסטערער אונ דער ערשטער אָנטיילנעמער פונעמ זשורנאַל פונ דער יידישער אוטאָנאָמער געגנט.

מיר זײַנענ זיכער, אז איר וועט אויכ אז ווײַטער נאָכ מער צוציִענ די אויפמערקזאַמקייט צו דעמ זשורנאַל מיט אײַער אַקטיווּנ אָנטייל אינ אימ.

מיר ווינטשנ אײַכ ווײַטערדיקע שעפערישע דערפאָלגנ צומ רומ פונ דער סאָוועטישער יידישער ליטעראַטור.

## רעדקאָלעגיע פונעמ זשורנאַל „פּאָרפּאָסט"

# א וויכטיקע באַגעגעניש*)

## 1.

די יעדיעס וועגנ א פּאָגראָם אינ קישעניעוו איניינעם מיט די פּרוווּג פונ כאַפּטעס כוליגאַנעס ארויסצורייסנ א פּאָגראָם דאָ אינ שטאָט האָבנ פּענעקנ אלצ מער אונ מער דורכגענומענ, אימ ארייַנגעטריבנ טיפער אינ זיכ אונ מיטאמאָל פאַרענדערט אינ זייַנע אויגנ דעמ אויסזענ סיי פונ מענטשנ, סיי פונ דער וועלט, סיי פונ די ניט-יידנ אַפ דער סאַדאָווע גאַס, וואָס האָבנ אינ יענעמ פרימאָרגנ צעכאַפּט אַפ די ראָגנ באַ די פּאַרקויפער די אָרטיקע שוואַרצמייעדיקע צייַטונג מיטנ גרויסנ אויפשריפט: „דער צאָרנ פונ אלע פעלקער ווערט מיט רעכט אויסגעגאָסנ אַפ יידנ".

כאָטש קייַנ מעיוכעס איז פּענעק באַ זיכ קיינמאָל ניט געווענ, דאָכ איז אימ דאָסמאָל געוואָרנ ווייטעקלעכ צו באַווייַזנ זיכ אינ די אויגנ פונ ניט-יידנ אַפ דער סאַדאָווע גאַס, אונ דאָס דאָזיקע ווייטעקלעכע געפיל, א שטאַרקס אונ אנ אייַנגעגעסנס, האָט אָפּגערוקט פונ אימ אלע אנדערע זייַנע איבערלעבונגענ אונ אימ געצוווּנגענ זיכ אייַנצוטראַכטנ:

—וואָס קומט דאָ פאָר?

דעריקער איז, וואָס אַפ אימ האָט, ווי א שווערע לאַסט, זיכ אוועקגעלייגט זייער א גרויסע בושע, אקוראַט ווי צו אימ איינעמ וואָלט מענ צוגעקלעפּט אלע שאַנד-צייכנס, וואָס ער געדענקט פונ דער יידישער געשיכטע. אינ פאַרלויפ פונ זיבעצנ יאָרהונדערטנ קאָנ מענ אימ, פּענעקנ, ניט פאַרלייַדנ. מע פאַרפאָלגט אימ, מע לאַכט אויס זייַנ כיינעכ אונ זייַנ שטאַמ. מע יאָגט אימ. ניַשטאָ גאָר די פּלאָג, וואָס זאָל אַפ אימ ניט אויסגעפּרוווּט ווערנ. ניַשטאָ די סינע אונ די זידל-ווערטער, וואָס זאָלנ אַפ אימ ניט אויסגענוצט ווערנ. „פּענעק" הייסט ער נאָר פאַר היימישנ באַנוצ—זייַנ נאָמענ איז אַפ דער ברייטער וועלט א סינאָנימ פונ געמיינסטער שווינדלערייַ, מיט אימ שרעקט מענ קינדער, ווענ פונ גרויס ליבע צומ ווייניק-געזעענעמ לעבנ ווילנ זיי צו אָוונט צו כאָטש איינ רעגעלע האַלטנ אָפנ די אויגנ פאַרנ אנשלאָפנ ווערנ. ווער טוט עס אלצ?

אונטער דער לאַסט פונ דער דאָזיקער בושע האָט ער איבערפרי געפּרוווּט שרייַבנ:

—„צוואַנציק יאָרהונדערט פונ יידישע דערנידערונגענ האָבנ היינט זיכ אָנגעלייגט אַפ מיר". נאָר טאַקע דאָ באַלד ארויסגערופנ באַ זיכ אינ געדאַנק די ניט-יידנ, וואָס צעכאַפּנ די שוואַרצמייעדיקע צייַטונג אַפ דער סאַ-

*) פונ צווייטנ בוכ „באַמ דניעפּער".

דאָווע גאַס, האָט ער קוים דערהערט זייער ענטפער אַז זיינע ווערטער:

— „ניין, אונדז גייט עס ניט אָן".

ווי ער וואָלט מער ניט האָבן וואָס זיי פאַרלייגן, האָט ער בא זיך אַליין פאַרלוירן אַ פרעג געטאָן:

— „ניין?"

און פאַרטראַכטערהייט זיך דערמאָנט אָן די ווערטער פון ירמיהו:

„גם כי אזעק ואשווע שתם תפילתי".

דעמאָלט איז די שיין פונעם ליכטיקן פרימאָרגן מיטאַמאָל געוואָרן שטאַרק געראָטן אין דער שיין פון אַ ווייטן ערעוו-טישעבאָוו, ווען אין כיידער האָט ער אינאיינעם מיט אַנדערע קינדער ירמיהוס ווערטער געכאַזערט:

„סחי ומאוס תשימנו בקרב העמים".

פאַרגאַנגען, וואָס אָט די אוראַלטע קלאָג איז נאָך אַלץ גילטיק בא היינטיקן טאָג, איז ער געזעסן בא זיין טיש. אַזן זיצנדיק איז אים אַרופגעקומען אַ וואָרים, צוגעדריקט מיט אַ שווערן קלאָץ, ניט אַהין, ניט אַהער, ס'אַ שרעק! — דער וואָרים האָט גראָד אַ מענטשלעכן קאָפּ און אויגן, וואָס לעכצן צו אַ קאַפּעלע בלויקייט אין דער הויך.

אַ ווײַלע איז דאָס דאָזיקע בילד געשטאַנען פאַר אים זייער בולעט און באַקאַנט, ווי פאַרגעקומען וואָלט עס אינעם הויף אַרום „ווייסן הויז" אינעם שטעטל, פונוואַנען ער שטאַמט — מיסטאָמע האָט ער דאָרט אַמאָל קינדווייז אין אַזאַ אָ זוניקן טאָג — טאַקע ערעוו טישעבאָוו — צוגעקוקט מיט אינטערעס, ווי עס שלענגלט זיך אַ וואָרים אונטער אַ שווערן אַרופגעפאַלענעם קלאָץ, און עפּעס שוין אַזוינס געקלערט.

מער האָט ער שוין קיימאָל וועגן גאָרנישט ניט געטראַכט. מעכאַניש, ווי אַף צו ראַטעווען זיך פונעם פאַרגאַנגענעם שלאַנג, האָט ער אַוועקגעשפּאַנט, פון זיין טיש. פּוסטריט האָבן אים איבער די צימערן פונעם הויז אַף סאַדאָווע באַגלייט ירמיהוס אופגעלעבטע ווערטער:

„גם כי אזעק ואשווע שתם תפילתי".

אין גרויסן עס-צימער, וווּ מע האָט שוין געהאַט איבערגעביסן, האָט ער קיינעם ניט געטראָפן. דורך די אויפגעלאָזטע קרעב-זיידענע שטאָרן האָט פון דרויסן מיט אַ מאָדנער רויקייט זיך געגאָסן דעם טאָגס שטראַלנדיק גאָלד.

מיט אַ גרויס פּיִעטעט שניקל געוואַקסט אונטערן לינקן פוס האָט שטיל זיך אויסגעשאַרט די פּאָקאָיאָווע שיינדל-די-לאַנגע, פאַרקאַטשעט אין אַלע פיר עקן דעם גאָרוואָס אָפּגעריבענעם טעפּיך און מיט אַ היזעריקלעכן אָטעם זיך גענומען צו איר אַרבעט, וואָס זי מוז דאָ אָפּטאָן אַלע טאָג אָן אונטערשייד צי אין הויז איז עמעצער געבוירן געוואָרן אָדער געשטאָרבן — גליטשנדיק זיך הין-און-צוריק אַפן לינקן פוס, האָט זי אָנגעכירט גלאַנץ אַפן פּאַרקעט. דורך די טירן, וואָס זיינען אָהער אָפן פון אַנדערע צימערן, האָט פון אונטער די שווערע גרינבלעכע פּאָרטיערן זיך געהערט, ווי דער אריינגעקומענער לערער לערנט פּאָליעקן שטעלן ריכטיק דעם טראָפּ אַף יעדער וואָרט אין טורגעניעווס „גאַקאַנוניע":

„--Под липой было прохладно и спокойно; залетевшие в круг ее тени мухи и пчелы, казалось, жужжали тише“.

דאָס גרייט מענ פאָליעקנ, ער זאָל ניט פארשעמענ דאָס הויז בא די ליפשיצעס, וווהינ מע נעמט אימ איינגיכנ אריינ פאר אנ איידעמ. אונ רעכטס אינ קאבינעט זאָגנ ענדלעכ אויס יוינגע אונ שאָלעמ דער מוטער, אז די נייע העזועק-געשעפטנ האָבנ זיי פונ אָנהייב אָנ ניט געמאכט בלויז פאר זיכ אליינ, נאָר פאר דער „אָבשטשע קאַסע“ פונ דער ניט געטיילטער יערושע. די רייד גייענ דאָרט וועגנ דער עלטערער גיכ-רייכווערנדיקער שוועסטער שיינדל-דער-גרויסער, וואָס האָט אנומלט א שעפטשע געטאָנ דער מוטער: „מאמע, ס׳איז ניט מיינ אייסעק. נאָר איכ מוז דיר זאָגנ, אז דאָ איז עפּעס ניט גלאט; ווו א רעוועכדיק געשעפט, וואָס יוינגע אונ שאָלעמ מאכנ, איז עס זייער ביידנס, אונ ווו אנ אומגליקלעכס איז עס אייערס אלעמענס“.

דאָס קלאָגט זיכ איצט אפּ איר יוינגע:

—ניט נאָר זי העלפט ניט, נאָר זי קאָנ דערפירנ, ווער ווייסט צו וואָס!

גאנצ אומעטיק שטעלט אימ אָפּ די מוטער:

—קינדערלעכ מיינע, לעבט בעשאָלעמ...

פונ מוירע צו דערוויסנ זיכ, אז דער העזועק בא די געשעזנ איז נאָכ גרעסער, ווי זי מיינט, פארפירט זי באלד א שמועס וועגנ פאָליעקס כאסענע, וואָס מע וועט זי מוזנ אָפּלייגנ, אויב אויכ דאָ אינ שטאָט וועט, כאָלילע, טאקע אפּ אנ עמעס ווערנ אומרויִק.

—אלע באקאנטע, זאָגט שיינדעלע, וועלנ איבערזיצנ די אומרויִקע צייטנ אפּ די קורערטער אינ אויסלאנד, די ליפשיצעס, מיסטאמע, אויכ...

אונ נאָכ אָט וועגנ וואָס מיט איר האָט צום לעצטנ מאָל גערעדט שיינדעלע — וועגנ איינגיקע טייערע זאכנ, וואָס מע וואָלט איצט ביכלאל ניט באדארפט האלטנ בא זיכ אינדערהיימ.

א רעגע איז שטיל. אינ קאבינעט זאָגט עמעצער:

—אוואדע איז בעסער אוועקצולייגנ, וואָס מע קאָנ נאָר, אינ באנק אינ א סייפ, ווי?...

אונ ווי אנ ענטפער דערויפ הערט זיכ, ווי פאמעלעכ אונ ערנסט פאָליעק היקעט שוינ דאָס וויפלטע מאָל וועגנ א היכנ ליגנדנ-בוימ צווישנ דעמ טייכ מאָסקווע אונ קונצעוואָ:

—„פּאָד ליפּאָי בילאָ פּראָכלאדנאָ אי ספּאָקאָינאָ...“

פענעק איז געווענ מאמעש פארגאפט: אפילו וויטעק, וואָס ער לעבט איצט איבער פאר זיינ פאָלק, וואָלטנ אָט די אייגענע זיינע געוויס א קוק געטאָנ, ווי אפּ עפּעס ווילדס, שיר ניט ווי אפּ עפּעס פארברעכערישעס, פונקט ווי זיי קוקנ אפּ אלע אנדערע זיינע איבערלעבונגענ.

מיט די ווערטער „פּאָד ליפּאָי בילאָ ספּאָקאָינאָ אי טיכאָ“ האָט אימ היינט דאָס הויז אפּ סאדאָווע געטריבנ פונ זיכ פיל שטארקער, ווי אלע מאָל. אינ זיינע אויערנ, בייס ער איז פונ דאָרט ארויס אינ גאס, האָט קימאט געקלונגענ דער געשריי:

—„ארויס פונ דאנענ!“

א געפיל פונ בושע אונ דערנידערונג באהערשט אימ שטענדיק, ווענ ער שטראָפט זיכ, אלעמאָל איז ער נאָכ אלצ ניט אוועק פונ אָט־דעמ הויז. נאָר איצט, צונויפגעגאָסנ ווי איינס, מיט דער שווערקייט פונ צוואנציק יאָרהונדערט יידישער דערנידערונג, וואָס האָבנ זיכ היינט אָנגעלייגט אפ אימ, איז די בושע געוואָרנ ניט איבערצוטראָגנ. צעשדויפט פונ צוקוקנ זיכ אינ גאס צו די „מיטלענ“, וואָס יידנ נעמענ אָנ דאָ אונ דאָרט אפנ פאל פונ א פאָגראָמ—מע מאכט צורעכט די שלעסער בא די טירנ—האָט ער אונטערנ לאסט פונ זיינ צווייענדיקער בושע נאָכ האלבנ טאָג פארבלאָנדזשעט צו סאָניענ אהיימ.

## .2

דער שווארצ-סאמעטענער גלאנצ אינ מאניס אויגנ ווערט מיטאמאָל געדיכט, ווענ זי דערזעט פענעקנ נאָכ עטלעכע טעג צעשיידונג. שאָטנס, אייגענער טונקעלער פונעמ אנדערנ, לויפנ דורכ איבער איר יונגנ ברוינעמ פאָנעמ. די דינע געשלאָסענע ליפנ טוענ א ציטער. די אקסלענ הייבנ זיכ אונטער. שוינ באמ ערשטנ קוק אפ פענעקנ כאפט א-דאָס זעלטנ-שיינע שלעקל וואָס האָט אימ צו איר געבראכט—גוטס אָדער שלעכטס. קיינשומ זינענ האָט דעמלט ניט פאר איר צו לאָזנ באלד אינ גאנג דעמ פארשטאנד, וואָרנ סיי-ווי-סיי—ווי גרויס די אומאָנגענעמלעכקייטנ, וואָס האָבנ אימ צו איר געבראכט, זאָלנ ניט זיינ, נעמט זי זיי טיילווייז אפ זיכ, נאָכ איידער זי ווייסט, אינ וואָס זיי באשטייענ.

אזוי איז געווענ אויכ היינט באטאָג, ווענ זי האָט דערזענ דעמ אריינגעקומענעמ פענעקנ א צעשרויפטנ, שיר ניט א פאריאָגטנ.

פארשטאנענ בליצשנעל, אז געבראכט האָט אימ דאָסמאָל צו איר עפעס באזונדער וויכטיקס אונ שווערס, האָט זי נאָכ א פאָר שטאָרבענער מינוט גענומענ זיכ פיינ מיט די ארומיקע אזוי, ווי גלייכ ער וואָלט גאָר דאָ לעבנ איר ניט געווענ. גראָד האָט אינ וווינונג זיכ געטומלט מיט די באטאָגעדיקע צייטונגס-טעלעגראמעס—„מיליטער-קאנטרולנ, צעשטעלט אינ די קישעניעווער גאסנ, שטערנ ניט צו ראבעווענ אונ הארגענענ יידנ“. צו שווארצנ אינ גרויסנ צימער—א צימער מיט אלט געשניצט מעבל, מיט טייערע טעפיכער אונ מיט אויסגעשטעלטע קאָלעקציעס כאנעקע-לעמפלעכ אונ האָדעסלעכ, וואָס פארשפרייטנ א רייעכ פונ מוזיי—האָבנ די דאָזיקע יעדיעס נאָכ האלבנ טאָג צונויפגעטריבנ ניט ווייניק מענטשנ פונ פארשיידענעמ בארופ. דאָס איז געווענ שווארצס אייגנשאפט: מיט אימ האָבנ זיכ געכאווערט דריבנע געלט-מעקלער, פאכלייט אינ פארלאג-זאכנ, יונגע פילאָלאָגנ, וואָס גיבנ זיכ אָפ מיט דער יידישער שפראכ, מעקלערס פונ גרויסע פריצישע גיטער, בונדעוועצעס, וואָס געדענקענ אימ פונ יענער צייט, ווענ ער האָט זיי געהאָלפנ זיכ אָרגאניזירנ. אונ יעדער צווישנ אָט דעמ אוילעמ איז געווענ זיכער, אז נאָר מיט אימ איז שווארצ גוט טאקע אפ אנ עמעס—אלע איבעריקע דארפ ער אפ קאפאָרעס אונ פירט זיי פאר דער נאָז.

בא פענעקס אריינקומ איז די אמפעריי בא שווארצנ אינ צימער געגאנגענ מעקויעכ דעמ צי דער אנטיסעמיטיזמ איז דורכ דער בורזשואזיע פארשלעפט געוואָרנ אהער פונ דייטשלאנד, אָדער ער איז אנ אָרטיקער. דער בונדעוועצ איסקינ, וואָס איז דאָ, אפאָנעמ, די גאנצע צייט געזעסנ אָנ-

געבלאָזנ אונ שווערשוויַגנדיק, האָט אומעטיקלעכ א קוק געטאָנ אפ די געסט אינ צימער, ווי ער וואָלט זיי באַדויערנ, אַלעמענ זיי וועלנ זייער ווייניק פאַרשטיינ דאָס, וואָס ער וועט באַלד זאָגנ. ער האָט א קראַצ געטאָנ די זעקלעכ אונטער די אויגנ אונ גענומענ צעקלאַפּנ איינע נאָכ איינע שוואַרצס אַרויסגעזאָגטע האַשאָרעס, אַז די פאַרשטאַרקונג פונעם אַנטיסעמיטיזמ איז איצט געבונדנ מיטנ עקאָנאָמישנ קריזיס אינ לאַנד אונ, אַז פונ ביידע צאָרעס וואָלט מענ געקאָנט פּאָטער ווערנ, ווענ די עקאָנאָמיק זאָל אַוועקגיינ אפנ וועג פונ געמישטע ווירטשאַפטנ, אונ ווענ יידנ זאָלנ געגעבנ ווערנ די פולע רעכט צו באַטייליקנ זיכ אינ אַלע פאַכנ פונ אַזוינע ווירטשאַפטנ.

—כ'האָב געהאַט א פעטער,—האָט ער איבערגעשלאָגנ שוואַרצנ,—האָט ער זייער ליב געהאַט באַקסערנ, פלעגט ער צוריידנ אַלע קראַנקע קרובים „פאָלגט מיכ, קייַעט באַקסערנ—אי סע איז ביליק, אי סע נעמט אַוועק אַלע ווייטיקנ, ווי מיט דער האַנט".

כאָטש דעמ צעשרויפטנ פענעקנ האָבנ הייַנט מענטשנ פונ פרימאָרגנ-אָנ אויסגעזוכט אַזוי, ווי ער וואָלט קוקנ אפ זיי מיט שטאַרק-פאַרוויינטע אויגנ— אַלצ, וועגנ וואָס מע זאָל אַרומ אימ ניט ריידנ, איז צו אימ קומ דערגאַנגענ,—האָט ער פונדעסטוועגנ בא שוואַרצנ אינ צימער געהאַט א פרוו געטאָנ זיכ אייַנצוהערנ, צו וואָס גייט דאָ. נאָר ווי שטאַרק ער האָט זיכ ניט באַמיט דאָס צו טאָנ, איז זייַנ געדאַנק דאָכ געבליבנ ניט מער, ווי אפנ דערהערטנ וואָרט „אַנטיסעמיטיזמ", אונ פאַרטראַכט האָט ער זיכ דערבייַ אַלצ טיפער וועגנ זיכ אַליינ:

„מאָדנע!... א מענטש האָט אָפּגעלעבט אכצנ יאָר—ער איז עס דער אָביעקט פאַר אַנטיסעמיטיזמ, אונ אַנו ער זאָל עס וויסנ, פאַרוואָס אונ פאַרוועג שוינ זשע האָט ער עפּעס א קערפּערלעכנ אָדער נעשאַמעדיקנ מומ אונ זעט עס ניט? צי אָט, לעמאָשל, פילט ער צו זיכ פונ קליינערהייט אָנ מיבאַר זייַנע אייגענע שפּאָט—א מינ „אַנטיפענעקיזמ"... אויכ איבער א מומ?

ווי טאָמער אינ טיפנ טראַכטנ, האָט ער שוינ מער קיינעמ אַרומ זיכ ניט באַמערקט. ער האָט קימאַט ניט געדענקט ווענ אונ ווער האָט אימ פונ שוואַרצס צימער א רופ געטאָנ. געקומענ ערשט אינ א ווייַלע אַרומ צו זיכ, האָט ער דערזענ, אַז ער געפינט זיכ איינעמ מיט מאַנינ בא זינענ אינ צימער, אונ אַז אַכוצ זיי ביידנ איז דאָרט מער קיינער ניטאָ. צו זייַנ באַוווּנדערונג האָט אויכ מאַני אויסגעזענ אַזוי, ווי ער וואָלט קוקנ אפ איר מיט שטאַרק-פאַרוויינטע אויגנ.

—וואָס?—האָט מאַני זיכ א צי געטאָנ, ווי אפ צוצופאַלנ צו אימ.

פאַרגליווערט געוואָרנ, אַרייַנבליקנדיק אינ זייַנע אויגנ, אונ געשטאַנענ אַזוי א ווייַלע אַנטקעגנ אימ מיט אונטערגעהויבענע אַקסלענ, האָט זי אימ ענדלעכ אַוועקגעזעצט לעבנ זיכ אפנ קליינעמ דיוואַנ:

—וואָס האָט מיט דיר געטראָפנ?

—גאָרנישט.

—פאָרט?

פונ צוגעשטרענגטנ אָטעמ האָט זיכ געוויגט איר קומ-אויסגעקייַלעכטע קימאַט-יינגלשע ברוסט. אינעמ ציטער פונ אירע נאָז-לעכלעכ, אינעמ געדיכטנ סאַמעט-שוואַרצנ גלאַנצ פונ אירע אויגנ האָט פענעק דערפילט, אַז מעקויִעכ זייַנ פאַרשטוינטקייט זאַלצט ער א קאַפּל איבער—איינ מענטשנ איז ער

יעדנפאַלס באַזונדער טײַער. ווי טאָמיד, געדרייט ביז גאָר פונ דערזעענ זײַנ מיניאַטיור, אָפּגעשפּיגלט אינ אירע לויכטנדיקע שוואַרצאַפּלענ, איז ער אַפּ אַ רעגע פאַרכאַלעשט געוואָרנ. טויבלעכ האָט ער אַ זאָג געטאָנ:

— כ׳האָב באַשלאָסנ אוועקצוגײנ פונעם הויז אַפּ סאַדאָווע.

שטיל.

גרינג האָט מאַני אוועקגעלייגט איר האַנט אַפּ זײַנ קני — אַזוי טוט מענ מיט אַ קראַנקנ. אויב מע קאָנ ריידנ מיט הוילע באַוועגונגענ, האָט עס געהייסנ:

„איכ וועל דיר העלפנ דאָס ניט צו טאָנ"...

פאַר פּענעקנ איז עס געווענ ניט ניי. שפּעט אינ אָסיענ האָט ער איר געזאָגט:

— „איכ וועל מער ניט גײנ צו קאַדיסאָנענ".

אויסגעהערט האָט זי עס דענסטמאָל פיל רויִקער, ווי איצט, אונ דאָכ באַוויזנ נאָכדעמ אימ אײַנצורעדנ: „צוליב דײַנ אַנטוויקלונג אונ צוליב דײַנ שרײַבנ דאַרפסטו קאַדיסאָנענ פּאָשעט פאַר אַ לערער אונ ניט פאַר קײנ אויפציִער".

ניט איינמאָל האָט ער זיכ פאַר איר געקלאָגט: „מיר איז שווער אינ הויז אַפּ סאַדאָווע". אינ אַזוינע פאַלנ איז זי געווענ צו אימ באַזונדער פּילעוודיק אונ האַרציק, ווי צו אַ קראַנק-געוואָרנ קינד. היילעריש זײַנענ דענסטמאָל געווענ אירע פינגער באַמ צורירנ זיכ צו זײַנע האָר אָדער אַפילע צו די לאַצנ פונ זײַנ רעקל.

אַזוינע זײַנענ איכ איצט געווענ אירע באַוועגונגענ אינ אירע בליקנ, וואָס גליטשנ זיכ איבער זײַנ פּאָנעמ — ניט קײנ בליקנ, נאָר רעפּוּעס. זי האָט אויסגעגלײַכט דעמ פאַרקנייטשטנ עק פונ זײַנ אַראָפּגעלאָזטנ ווייכנ קראַגנ אונ דערבײַ אַ שאַר געגעבנ מיט די פינגער איבער זײַנ פּאָדערל. זי האָט, גלעטנדיק זײַנע אַ האַנט, באַטראַכט מיט אַ פליִענדיקנ בליק די ליניעס פונ זײַנע פינגער, ווי באַמ געזעגענענ זיכ מיט עפּעס זייער טײַערס אינ געניוּווישעס. אירע געשלאָסענע ליפּנ האָבנ פונ מאָל-צו-מאָל זיכ געצויגנ צו זײַנ לינקנ אויג — זיכ געצויגנ אינ זיכ ניט דערצויגנ. איר איז געווענ שווער צו ריידנ, דאָכ, גאָר אײַנגאַנצנ געשוויגנ האָט זי אויכ ניט:

יאָ... וואָס האָט זי געוואָלט זאָגנ?.. אַנומלטנ באַנאַכט האָט זיכ איר גראָד געכאָלעמט ער, פּענעק, דאָרט אינ הויז... ניינ, ניט אינ הויז אַפּ סאַדאָווע, נאָר אינעמ „ווײַסנ הויז" אינעמ שטעטל, פונוואַנענ זי אונ ער שטאַמענ — אינעמ כאָשעווענ לעווינ-הויז מיט די געשניצטע שטענדיק-יאָמעוודיקע גאַנקעס אינ מיט די אַלטע אַקאַציעס פאַר די שטענדיק-רויִקע פענצטער. מאָדנע, זי האָט אַהינ קײנמאָל ניט אַריבערגעטראָטנ די שוועל, אונ פּלוצימ אָט דער כאָלעמ: זי קומט אַהינ אַרײַנ מיט די טרעפּ דורכנ גרויסנ געשניצטנ גאַנעק, מיט אַ באַזונדער נאָכ קײנמאָל ניט דורכגעלעבטער רויִקײט גייט זי אַרײַנ אינ די טירנ, וואָס פלעגנ זיכ עפענענ נאָר פאַר נעהויבענע געסט, ס׳איז אַ זומערדיקער טאָג, אינ זי ווייסט, אַז קײנער איז אינ „ווײַסנ הויז" נישטאָ כויצ איר אינ כויצ פּענעקנ, וואָס זיצט דאָרט ערגעצ אונ שרײַבט".

געהיט, ווי מוירע האָבנדיק צו דערוועקנ עפּעס אַ כאָשאַד צו זיכ, האָט זי גענומענ זיכ דערפרעגנ בײַ פּענעקנ:

— ווער וווינט דאָרט אינ „ווײַסנ הויז"?

— קײנער ניט...

—שוינ זשע שטייט עס פוסט?

א ווײַלע איז זי געזעסנ לעבנ אימ פארטראכט. אירע צונויפגעצויגענע אויגנ האָבנ אינערגעצ ניט געקוקט. מעגלעכ, זי האָט איצט גאנצ קלאָר געזענ אינ געדאנק אָט דאָס כאָשעווע „ווײַסע הויז" מיט די רוישנדיקע צעצווײַגטע אקאציעס פאר די פענצטער. אונ פלוצים האָט ארומ אירע ליפּנ זיכ א שלענגל געטאָנ עפּעס שלעקלדיק-בייזעס, ווי אינ אירע קינדער-יאָרנ.

—א פארשאָלטנ אונ געגארט הויז!—האָט זי ניט אָנ גיפּט געזאָגט,—אזויפיל מענטשנ האָבנ שטילערהייט געטרוימט, מע זאָל עפענענ פאר זיי די שווערע טירנ, ווי פאר אייגענע, אונ איצט שטייט עס פוסט...

מיט וווּנדער האָט פענעק געקוקט אפנ צעפלאמטנ פּאָנעמ פונ אָ-דעמ געבידעוועטנ מיידל, וואָס איז אויסגעוואקסנ אינ לײַטיש-אויסבאהאלטענעמ דאלעס: אי זי האסט זײַנע אייגענע (זי רופט זיי „כאלדעיער"), אי זי וויל ניט, ער זאָל איבערײַסנ מיט זיי—צי האָפט זי ניט, אז זיי וועלנ נאָכאמאָל בא איר מיט פענעקנ נעמענ „אונטערפירנס"? אי זי האָט פונ קליינערהייט אָנ געגארט דאָס רײַכע „ווײַסע הויז" זאָל ברענענ, אי איר כאָלעמט זיכ נאָכ אדהאיעמ, אז זי טרעט דאָרט ארומ אפ די גאנעק-טרעפּ, ווי אנ אלמעכטיקע באלעבאָסטע. פענעק וואָלט איר דאָ געקענט פויסער כאָלעמ זײַנ: ניט לאנג האָט דער קרײַז-גערויכט געפּאסלט דעמ פּאָטערס צווייטע ניט-דערשריבענע צאוואָע אונ אָנגענומענ פאר גילטיק די ערשטע, אונ אינ דער ערשטער צאוואָע איז זײַנ, פענעקס, נאָמענ ניט דערמאָנט—דער פּאָטער האָט זי אָנגעשריבנ נאָכ איידער ער, פענעק, איז געבוירנ געוואָרנ... נאָר ריידנ וועגנ דעמ איצט איז ניט געווענ די צײַט אונ סע האָט זיכ ניט געוואָלט...

—קומ,—האָט אימ מאני א צי געטאָנ, ער זאָל מיט איר ארויסגיינ פונ זינעס צימערל.

מיט גיכע פינגער האָט זי זיכ באנײַס א פּאָרע געטאָנ בא זײַנ פּאָדערל אונ ווייכ, נאָר וואָרענענדיק אימ דערבײַ דערציילט:

—בא מיר זיצט אָלגע... איכ ווייס ניט, וואָס מיט איר איז הײַנט... זאָג איר גאָרנישט...

דער קאָפּ, דעמ עמעס געזאָגט, איז פענעקנ נאָכ אלצ געווענ אפ דער סאדאָווע גאס אינ אפ אנדערע גאסנ, ווו ער האָט פארבײַגייענדיק געזענ אסאכ ניט-יידנ שטיינ אינ די רייענ לעבנ די קיאָסקנ פונ דער שווארצמייעדיקער צײַטונג. אופגערודערט, ווי נאָכ קיינמאָל ניט, האָט ער פארטראכטערהייט געצופּט די פאלדלעכ פונעמ טישטעכ באמ דערבײַיקנ טישל, אונ זײַנ געדאנק האָט זיכ אלצ געדרייט ארומ דעמ באגריפ „אנטיסעמיטיזמ", אקוראט ווי אָקאָרשט הײַנט וואָלט ער צומ ערשטנ מאָל זיכ דערוווּסט, אז אזוינס איז אינ לעבנ פאראנ. ער האָט געטראכט:

„אנטיסעמיטנ, כאָטש זיי קענענ ניט אָנקוקנ יידנ, דאָכ—זיי האָבנ גרויס דערעכערעצ פאר אלערליי שיינע זאכנ אינ לעבנ. צומ בײַשפּיל, פאר ליבע... נאָר אָט איז, לאָמיר זאָגנ, ער, פענעק, מיט זײַנ געפיל צו מאניענ, וואָס פארטשמעליעט אימ, ווי א הייסער זומער-טאָג,—שוינ זשע איז ער אינ זייערע אויגנ אויכ מיט אָ-די שטארקע געפילנ זײַנע העסלעכ, ווײַל ער איז א ייד?".

אונ אליינ האָט ער געפילט: זײַנע געדאנקענ וועגנ דעמ זײַנענ אפ אזויפיל פרימיטיוו, אז ער וואָלט זיכ שעמענ זיי פאר עמעצנ ארויסזאָגנ. וואָס

טוט זיך עס מיט אים? באַ קיינשום ערנסטן דערוואַקסענעם מענטשן גייען
גאָרנישט די געדאַנקען אין אָט דעם געדער...

אין צימערל איז געווען קיל. מאַני איז אַפּ אַ ווײַלע געהאַט אַרויסגע־
גאַנגען. אַנטקעגן אַפּן דיוואַן איז אַלגע געזעסן אַרײַנגעדרוקט אין ווינקל
מיט די הענט איבערגעפּלאָכטן אַף דער ברוסט און מיט אַזאַ אויסזען, ווי דער
ווילן ניט צו שטערן דאָ קיינעם אין צימער וואָלט אַף איר אַזש אָנגעוואָרפן
אַ דרעמל. שולדעקלעך האָט פּענעק סאָפּקאָלסאָפּ זיך באַשלאָסן אַ בעט צו
טאָן באַ איר, זי זאָל אים קלאָר מאַכן:

—ווי זשע איז עס? דער אַנטיסעמיטיזם איז אַלט גוטע זיבעצן אָדער
אַכצן יאָרהונדערט, ביז הײַנט איז קיינעם ניט געלונגען אויפצוקלערן זײַן טאָך?

ניט געבנדיק זיך קײַן מינדסטן ריר אין איר ווינקל אַפּן דיוואַן, האָט
אַלגע אויפגעהויבן די אויגן און אַ רעגע אַף אים געקוקט. איר מויל איז
געבליבן צוגעשלאָסן. סע האָט ווידער אויסגעזען, ווי זי וואָלט דרעמלען.
און פּלוצים האָט ער דערהערט איר קאָל:

—פּענעק,—האָט זי שטיל אַ רוף געטאָן.

פּאַרוווּנדערט, ווי אַלגע וואָלט אים ווירקלעך אַ רוף געטאָן פון מיטן
שלאָף, האָט ער דערזען, אַז זי קוקט אַף אים מיד, נאָר אײַנגאַנצן וואַכעדיק.
מיטן בליק האָט זי אים געגעבן צו וויסן, ער זאָל זיצן בלײַבן אַפּן אָרט און,
אַז איר שמועס מיט אים מוז פּאַרענדיקט ווערן ביז מאַני וועט זיך צוריק
אומקערן: ער דאַרף באַלד אַריבערגיין צו איינעם פּערלאָוסקן אין דעם-און־
דעם שטיבל באַרג-אַראָפּ אונטערן יידישן שפּיטאָל; וועמען ער וועט דאָרט
אין שטיבל ניט טרעפן, אַבי אַ מאַנצביל, דאַרף ער איבערגעבן דעם-און-
דעם פּאַראָל.

די לעצטע צײַט פילט זיך פּענעק געטראָפן פון יעדער פּרווו, וואָס
עמעצער מאַכט צו שאַפן זיך מיט אים, ווי מיט אַ שיק-ייִנגל—דאָס נעמט
זיך דערפון, וואָס אין „ווײַסן הויז" האָט מען פון קינדווײַז אָן מיט אים זיך
גענוג געשאַפט. נאָר דאָס מאָל האָבן אַלגעס ווערטער אַ קלונג געטאָן אין
זײַנע אויערן מאַמעש, ווי עפּעס צוואָעדיקס. וועגן אָפּזאָגן זיך האָט נאָר
קײַן רייד ניט געקאָנט זײַן. דערוואַרט זיך ביז מאַני איז צוריק געקומען,
האָט ער ביגנייווע געכאַפּט אַ קוק צו אַלגען, וואָס זיצט אַלץ מיט איבער-
געפּלאָכטענע הענט אַף דער ברוסט און לאָזט פון אים קײַן אויג ניט אַראָפּ—
דאָס איילט זי אים אונטער און ווינטשט אים אַ גליקלעכן וועג.

## 3.

פון מאָל צו מאָל טראַכט וועגן זיך פּענעק שיר ניט מיט ייִעש:

ער וועט קיינמאָל ניט אַרויסקריכן פון זײַן ייִנגלשקײַט.

באַזונדערס ווען ער גייט איינער אַליין אין גאַס. אומבאַמערקט פאַר
זיך אַליין קאָן ער זיך דענסטמאָל פאַרטראַכטן וועגן אַלץ, אַפּ וואָס זײַן אויג
פאַלט, און מיט וווּנדער זיך צוקוקן צו יעדער קלייניקײַט, קימאַט ווי אַ
כעדער-ייִנגל.

פּענעק איז אַראָפּ פונעם טראַמוויי-וואַגאָן, וואָס האָט אים מיט קלאַנג
און מיט ראַש דורכגעטראָגן איבער פאַרשיידענע אַלטע און נײַע טיילן שטאָט.
ער געפינט זיך לעבן עפּעס אַ מאַרק ניט ווײַט פונעם יידישן שפּיטאָל. פון
גאַנצפרי אָן האָט מען דאָ, זעט אויס, פײַן אָפּגעהאַנדלט מיט אַלערליי פּויערשע

פארביקע א״נ טאנדייטנע סכוירעס. אינ דער לופט הענגט נאָכ א רייעכ פונ פרישנ סיטצ אונ פונ ביליקע מײַכאָלימ. ווי נאָכ א יאריד, וואלגערנ זיכ אונטער די פיס צעטראָטענע ווײַס-קארטאָנענע קעסטלעכ, פארפלעקט באבולע-פאפיר, שאָלעכצ פונ הארטע אייער, קראנצנ פונ ציבעלעס אונ פאפירלעכ פונ ביליקע קאָנפעקטלעכ. לעבנ פאנאנדערגעגאָסנ פעטס ליגט א שטײַפ-פארקאָרקעוועטער האלדז פונ א גרינעמ צעבראָכענעמ בוטעל אינ גלאנצט דראָענדיק מיט דער שארפקײַט פונ זײַנע קאנטנ. קלאָלעס אונ בראָכעס זײַנענ דאָ געפלויגנ אפ העכקער צווישנ קויפער אונ פארקויפער. אינ די אויערנ האָבנ געהילכט אלערליי כאָכמעס, וואָס פויערימ אונ הענדלער קאָנענ ארײַנזאָגנ איינער אינעמ צווייטנ באמ דינגענ זיכ.

נאָר איצט האלט דער טאָג שוינ בא זײַנ סאָפ. פונ אלע פורנ, וואָס האָבנ דאָ געלאָזט שפורנ פונ פערדישנ מיסט, איז לעבנ דעמ וואסער-פלומפ ארומ אנ אָפגעטומלטנ אלטנ געמויערטנ הויז שוינ געבליבנ נאָר איינ פויערשער וואָגנ. די צוויי אויסגעשפאנטע דאָרפישע פערדלעכ אינ ביידע זײַטנ פונעמ דישעל שטייענ אויסגעקערעוועט מיט די קעפ צומ וואָגנ. זיי רוקנ די בײַסיקע פיסקעס אינ היי ארײַנ, קײַענ פויל אונ זשמורענ די אויגנ אנטקעגנ דער פארגייענדיקער זונ, ווי זיי וואָלטנ זיכ פארטראכטנ:

—ווענ-זשע וועט מענ שוינ אמאָל פאָרנ אהיימ?

זייער באלעבאָס האָט, אפאָנעמ, צו שפעט זיכ פארהוליעט ערגעצ דאָ ניט ווײַט אינ א שענק, אונ זײַנ ביסל אײַנגעקויפט גוטס היט אפנ וואָגנ זײַנ קליינינק זינדעלע. פענעקנ זעט אויס אָ-דאָס יאטל צו זײַנ אלט א יאָר עלפ. סע איז אָנגעטאָנ אינ טאטנס אנ אלט היטל מיט א צעשפאָלטענעמ לאקירטנ דאשעק, אונ פונ אונטער אָט דעמ דאשעק קוקט עס זייער פארגאפט אפ די פארבײַגייער. מע דארפ מיינענ, אז אפ יענער זײַט אלטנ געמויערטנ הויז געפינט זיכ א יידיש דאוונ-שטיבל, ווארומ יידנ, צוגעפוצט אינ שווארצנ—ס׳איז גראָד ערעוו שאבעס—אײַלנ אהינ פונ אלע זײַטנ. פענעק וואָלט געמעגט שווערנ, אז ער ווייסט אינ וואָס באשטייט די פארגאפטקײַט באמ קליינעמ היטערל אפנ וואָגנ—אינדערהיימ, אז א ייד גייט דורכ אינ דאָרפ, שרײַט מענ אימ נאָכ איינינעמ מיט קינדערלעכ פונ נאָענטע באלעגופישע הויפנ:

„זשיד! זשיד כאלאמיי!...״

נאָר אָט באווײַזט זיכ פונ אונטערנ אלטנ געמויערטנ הויז עפעס א מינ דוואָרניק מיט א לאנגנ בעזעמ פונ צווײַגלעכ אינ די הענט. ער איז געזונט קרעפטיק, אונ ס׳איז שווער צו זאָגנ, פארוואָס ער איז אזוי בייז אונ פונ וואָס איז אימ אזוי אָנגעזאָלצנ אפנ הארצנ. צו דער ארבעט זײַנער—פארקערנ דאָס פערדישע מיסט ארומ פלומפ—כאפט ער זיכ ניט,—זי וועט ניט אנטלויפנ. עס לאָזט זיכ מיינענ, אז ער האָט נאָרוואָס זיכ אופגעכאפט פונ שלאָפ נאָכ א שווערנ טרונק. אויכ ער רײַסט ניט אָפ די אויגנ פונ די פארבײַגייענדיקע יידנ, אונ מע קאָנ ניט זאָגנ, ער זאָל זיי בעשאס מײַסע וועלנ א גלעט טאָנ איבער די בעקלעכ. ער שאָקלט צו אביסל מיטנ קאָפ:

—אוככו—טוט ער א שווערנ זיפצ.

צוגלײַכ מיט פענעקנ באמערקט ער, ווי פארגאפט אפ די יידנ קוקט דאָס קליינע דאָרפישע מענטשעלע אפנ וואָגנ, אונ נאקע דאָ בלוצעמ טוט ער אפנ יינגעלע א געשריי הייזעריק אונ ווילד, אזוי אז אלע יידנ זאָלנ דערהערנ:

—טשעוואָ גלאזא וויטאראשטשיל? זשידאָוו ניע באטשיוו?

שוין... איצט קאָן מען זיין רויק פארן דאָרפישן יינגעלע: —דער לעצטער זעט שוין, אז אויך דאָ אין שטאָט האָט מען ניט קיין מינדסטן אָפּשיי פאר אָ־דעם סאָרט מענטשן. פּענעק גייט ווייטער זיין וועגס צום בארג־אראָפּ, וואָס אונטערן יידישן שפּיטאָל און דער געדאנק ארבעט בא אים ווייטער גיך: „זע! א פּראָסטער מענטש—אָ־דער, וואָס מיטן בעזעם, פונדעסטוועגן האָט ער, ערשטנס, מיטן כוש גלייך באנעמען, אז דאָס דאָרף־מענטשעלע הייבט אָן צו האָבן אָפּשיי פאר יידן, ווי פאר אלע מענטשן, און צווייטנס, גלייך צוגעטראָפן די ווערטער, וואָס קאָנען דעם אָפּשיי באם פּויערשן קינד איינס־און־צוויי צעשטערן".

—מיישטערשאפט!—קאָן נאָך אלץ וועגן דעם ניט פארגעסן פּענעק,— „די טינע צו יידן, זעט אויס, האָט מען אין איינציקע אזוי שטארק אריינגעהויכט, אז זי איז אזש געוואָרן בא זיי א מין שאנדיקע קראנק. ווער עס הייבט אָן צו זאָגן קלוגע זאכן באם אויסטרינקען, אנדערע ווערן קלוג און טרעפלעך בא זייער טינע צו יידן... ס׳איז בא זיי עפּעס גאָר, ווי א מין שאפונגס־פּראָצעס..."

אין סאבאקל;

א מאָדנער טאָג היינט בא פּענעקן—פון אומעטום, וווהין ער זאָל ניט א וואָרף טאָן מיטן אויג, קערט מען אים צוריק צו דער לאסט פון שווערער בושע, וואָס האָט אים איינגעדרפּרי ארויסגעטריבן פונעם הויז אין סאדאָווע,— „זיבעצן יאָרהונדערט פון יידישע דערנידערונגען האָבן זיך היינט אָנגעלייגט אָפּ אים".

.4

בארג אראָפּ, אונטערן יידישן שפּיטאָל, האָט פּענעק בא אן אוקראינישער מארק־הענדלערן אין הינטער־הויף געטראָפן פּערלאָווקעס שטיבל פונקט אזא, ווי אָלגע האָט עס אים אויסגעמאָלט: מיט איין איינציקן צעוואָקסענעם בארג־בוים איבערן דאך און מיט א ניט־געפארבטער טיר אפּ ארייננגיין דורכן הינטער־הויז. אין דער דאָזיקער טיר האָט אים אָלגע געהייסן אָנקלאפּן גאנץ קלאָר און מיט איבערייסן:

—„פריער—דריי מאָל, דערנאָך—צוויי מאָל און צולעצט—פיר מאָל".

גוט. דאָס האָט פּענעק אזוי שטארק אריינגענומען אין זיקאָרן, דאַסקע ווייל מע קאָן דאָ פּלאָנטערן.

ווי־זשע איז אָבער דער דין, אז אָז דער טיר, בייס פּענעק קומט צו איר צו, הענגט גראָד פון דרויסן א גאנץ פּעסט שלעסל?

דאָ מוז מען א ווײַלע א טראכט טאָן:

—צי האָט גאָר א זינען אין אזא טיר אָנקלאפּן?

ארומגעשארט זיך ארום שטיבל און איינגעזען, אז קיין אנדער אריינגאנג איז נישטאָ, באשליסט ער, פונדעסטוועגן, אז אוועקגיין פונדאנען מיט גאָרנישט איז אויך א גאנצע קליינע כאָכמע:

—מע מוז דאָ עפּעס צוקלערן.

אין קליינעם הינטער־הויף, וואָס איז ארומגעצוימט מיט זייער א הויכן דאָרפישן פּלויט, איז קיינער נישטאָ כוץ א פּאָר הינער, וואָס האָבן בא פּענעקס אריינקומען גענומען אָפּגיין אפּ די שפּיץ־פינגער זייער וואַשנע אָן א

זײַט אינ זיכ זײַטלענ אפ אימ ניט מיט קײנ איבעריק-גרויסנ גלויבנ,—גײ דערפרעג זיכ בא אזוינע-אָ, ווענ זײַנענ די באלעבאטימ אוועקגעגאנגענ אונ וועג, דארפ מענ האָפנ, וועלנ זיי זיכ צוריק אומקערנ. סע וואָלט געהאט א זינענ דאָ אויסצוווארטנ. נאָר פונ דער אנדערער זײַט... דאָס דאָזיקע שטיבל—קלאָר, ווי דער טאָג—איז ארומגעשטעלט מיט גאָלע סוידעס דערצו; פאָרענ זיכ מיט זיי, מיינט פענעק, איז פונקט, ווי צורירנ זיכ צו פרעמדע ווייטעקנ,—דו ווייסט דענ, ווו טוט יענעמ ערגער ווײ? ניט גוט איז, אז עמעצער זאָל באמערקנ סײַ ווי ער ווארט דאָ, סײַ ווי ער גייט אונ קומט צוריק.

—וואָס-זשע פאָרט טוט מענ?

דערווײַל איז פענקענ גלאט טשיקאַווע צו באטראכטנ א ווײַלע דאָס-אָ שטיבל: סאַמאָקל זעצט זיכ עס מיט צוויי ווענט אפ אמאָל. מאָדנע: פאָליציע, זשאנדארמעריע אונ שפיקעס קריכנ פונ דער הויט אז אָפּצוּשטעלנ דאָ אינ שטאָט דעמ מעכאניזמ פונ דער רעוואָליוציע—א גרויסער צעוואקסענער מעכאניזמ,—אונ אינ דעמ-אָ „פאלאַצ", מישטיינס געזאָגט, זאָל עס קלאַפנ עפעס, ווי א הארצ פונעמ גאנצנ מעכאניזמ!.. אהער האָט עס אימ אָלגע געשיקט מיט א פאראָל, וואָס קלינגט שיר ניט, ווי א צאוואָע, אָדער ווי איר לעצטער כעזשבנ פאר איר איבערפעקלענ זיכ אז יענער וועלט:

„זאקליימיענאָ, נאסליעדסטוואָ פערעדאט ניקאָלאיו, סטראזשו סעוואָדניא-זשע מעניאט אדרעס".

סע קומט אויס, ווי פונ דער כאטקע וואָלט געקלונגענ א טעלעפאָנ גלײַכ צו דער רעוואָליוציע אינ הימל ארײַנ...

געשטאַנענ נאָכ א ווײַלע, באשטימט, פונדעסטוועגנ, פענעק אָנצוקלאפנ אינ דער דאָזיקער פונדרויסנ-געשלאָסענער טיר—פאָשעט פונ יעצע וועגנ: מאָנעפשעכ, וואָס קאָנ מענ דאָ אָנווערנ?

פארטראכט אונ געטאָנ. גאנצ קלאָר קלאפט ער צו אינ טיר דרײַ מאָל, צוויי מאָל אונ פיר מאָל. אויב ער בלײַבט נאָכדעמ א רעגע אינ ווארטעניש, איז עס נאָר דערפאר, ווײַל א וי פירט זיכ די וועלט: ווער קלאפט עס אָנ אינ א טיר אונ לויפט באלד פונ איר אוועק? אפנ פאל, אויב עמעצער שפירט אימ דאָ נאָכ פונ ערגעצ, מאכט ער אנ אויסזענ, קלוימערשט ער הערט פונ אינווייניק טריט אונ היט זיכ, מע זאָל אימ מיט דער געעפנטער טיר ניט א קלאפ געבנ גלײַכ אינ נאָז.—נישטאָ ווער ס׳זאָל לאכנ! אונ פלוצלינג, צו זײַנ גרויסער באוונדערונג, זעט ער, ווי דאָס פעסטע שלעסל טוט זיכ א שטארקנ הייב מיטנ בײַכל ארופ אונ בלײַבט הענגענ אז איינ רינגעלע—דאָס צווייטע רינגעלע אינייִנעמ מיטנ ארויסגעפאלענעמ סקאָבעל באָמבלט זיכ נאָכ. אינ דער האלב-געעפנטער טיר באווײַזט זיכ א גרויסגופיקער מאנצביל מיט א גראָבלעכ טונקל פאָנעמ, ארומגעברעמט מיט א ניט-געפראוועט פריש בערדל. ער איז אָנ א רעקל, מיט א פענ אינ האנט, דורכויס פארטאָנ אינ עפעס א ווילכטיקנ אינטערעס, וואָס איז אומגעריכט איבערגעריסנ געוואָרנ. פארשלאָסנ נאָכנ ארײַנגעקומענעמ פענעקנ די טיר פונ אינווייניק, אנטלויפט ער באלד צוריק צו זײַנ ארבעט ערגעצ אינ נאָענטסטנ צימערל. דער אָפּגעשמועסטער קלאפ אינ טיר, קומט אויס, גאראנטירט אימ, אז דער ארײַנגעקומענער איז א היימישער, אונ דאָס איבעריקע וועט שוינ ניט אנטלויפנ. פענעק, וואָס פילט זיכ נאָכ א רעגע פארלוירנקײט אימ נאָכצוגיינ, טרעפט אימ שוינ זיצנ

אינ נאָענטסטנ צימערל באַמ טיש מיטנ פּאָנעמ צומ פענצטער אונ שרײַבנ.
דעמ פאראָל קומט אויס פּענעקנ אָפּצוזאָגנ צו אָ-דעמ מענטשנס רוקנ.
—„זאקליימיענאָ, נאסליעדסווא..." אונ אזוי ווײַטער.
—טשטאָ-טשטאָ?
אפּאָנעמ, אז דאָס וואָרט „זאקליימיענאָ" דינט צווישנ אָ-דעמ מענטשנ אונ אָלגענ פאר זייער א שלעכטנ צייכנ: ווי נאָר ער דערהערט עס, אזוי באלד קוקט ער זיכ אומ אונ הייבט אופּ זייער הויכ די ברעמענ, ווי מע טוט געוויינלעכ, ווענ מע דערווּיסט זיכ וועגנ דעמ פּלוצעמדיקנ טויט פונ זייער א נאָענטנ באקאנטנ.
אזוי?...
אוועקגעוואָרפנ די פּענ, הייבט ער זיכ אופּ פונ זײַנ אָרט באַמ טיש אונ שטייט א ווײַלע אינמיטנ צימערל מיט אנ אראָפּגעלאָזטנ בליק. סע באַקומט זיכ, ווי אבי ער וואָלט ניט ווײַט פונ זיכ וואָלט ער זייער ערנסט באקוקט א בייפּעצ פריער פונ איינ זײַט, דערנאָכ פונ דער אנדערער זײַט. פונקט אזוי באקוקט ער שפּעטער אגיסל אויכ פּענעקנ—פריער פונ איינ זײַט, דערנאָכ פונ דער צווייטער זײַט.
—איז וואָס?—פרעגט ער זיכ אָנ,—אנ ענטפער וואָרט איר?
—סע הייסט...
פּענעק קנייטשט מיט די אקסלענ:
—ניינ.
ער איז אָפּנהארציק זיכ מודה:
—קײַנ ענטפער האָט מענ מיר ניט געהייסנ ברענגענ.
ער וואָלט דאָס אלצ געמאכט פיל גיכער, ווענ אינ איינעמ פונ די צעעפנטע זשורנאל-בלעטער, וואָס ליגנ צעוואָרפנ אפנ טיש, זאָל ער פונ ווײַטנס מיט זײַנ שארפ אויג ניט געוועגנ דערזענ אינ איינעמ א קעפּל דאָס וואָרט „יעוורייסקאָמ" אונ זאָל ניט זײַנ אזוי נייגעריק צו וויסנ, וואָס זײַנענ עס פאר רוסישע זשורנאל-בלעטער, וואָס מע שרײַבט אינ זיי וועגנ אימ, אונ וואָס האָט אָ-דער רוסישער מענטש ניט אזוינע זשורנאל-בלעטער צו טאָנ?
—מעג איכ, הייסט עס אוועקגיינ?—פרעגט ער ענדלעכ אונ רײַסט נאָכ אלצ ניט אָפּ זײַנ בליק פונ די זשורנאלנ אפנ טיש:
—יאָ!—כאפּט אונטער דער מענטש זייער ענערגיש, ווי איינער זאָגט: „בעקאָוועד גאָדל!".. מיט דער פּענ אינ האנט זיצט ער שוינ באַמ טישל אינ וויל זיכ, ווײַזט אויס, וואָס גיכער נעמענ צוריק צו דער ארבעט. דאָכ, צו פּענעקנ האָט ער א קליינע באקאָשע: נאָמ אויסגיינ אזוי גוט זײַנ אינ ארײַנלייגנ אפּ יענער זײַט טיר דעמ טקאָבעל אינ די לעכעלעכ, אזוי, סע זאָל אויסזענ, ווי פארשלאָסנ.

—וואָרט נאָר!—טוט ער זיכ אפּ דער מאבורעטקע באנײַס א דריי אויס מיטנ פּאָנעמ צו פּענעקנ,—וויאזוי, אייגנטלעכ, האָט איר זיכ דערטראכט אָנצוקלאפּנ אינ א טיר, וואָס איז פונדרויסנ פארשלאָסנ מיט א שלעסל?
—וויאזוי איכ האָב זיכ דערטראכט?—פּענעק האָט נאָכ אלצ אינ זינענ די זשורנאלנ אפנ טיש,—ס׳איז נאָר א קאשע...

אז ווי „וואָסכאָד" זעענ די זשורנאל-בלעטער ניט אויס, דאָס איז פּענעקנ קלאָר—ס׳איז גאָר ניט יענער פּאָרמאט.

—דעם עמעס געזאָגט,—שמייכלט ער צו,—האָב איך אָנגעקלאַפּט אין דער געשלאָסענער טיר נאָר דערפאר, וואָס איך האָב בעשאָס מייַסע וועגן גאָרניט ניט געטראכט... סע הייסט, כ׳האָב זיך מעיאשעוו געווען: געהייסן האָט מען מיר דאָך ניט טראכטן, נאָר אָנקלאַפּן, נו האָב איך אָנגעקלאַפּט.

—און ריכטיק,—זאָגט יענער מיט היספּײַלעס,—גאַנץ ריכטיק!

זיצנדיק אַף דער כאַבורעטקע מיטן רוקן צום טיש, קוקט ער נײַגעריק אַף פּענעקן פון אונטערן שטערן, טוט זיך א שאָקל און כאַפּט אַרײַן זײַן איבערגעוואַרפענע קני צווישן די אָרעמס:

—א מרערעלע לאָגיק,—צעלאַכט ער זיך היימיש,—איז, הייסט עס, דאָך דערבײַ געווען!

—נו, ווי-זשע דען?—גיט נאָך פּענעק,—גאָר אינגאַנצן אָן לאָגיק?

דער שמועס ווערט צוגיסלעך ווערטלדיק, פּראָסט און ניט געצוווּנגען. דער דאָזיקער מענטש, באמערקט פּענעק, האָט זיך זײַנע וועגן אַף אויסצו־כאַפּן יענעמס טאָך,—ער וועט ניט פרעגן סטאַם „וווער ביסטו?“ נו גוט. פּע־נעקן אַרט עס ניט. פאַרקערט, ער וועט גאָר דאָ נאָך אביסל צוהעלפן. אײַ־נעם זעלבן ניט-געצוווּנגענעם טאָן פרעגט ער נאָך א רעגע שווײַגן:

—ווער לויבט עס דאָרט יידן?.. אין אָט די זשורנאַל-בלעטער אַפן טיש...

—אין אָט די זשורנאַלן?

פאַרוווּנדערט כאַפּט דער מענטש א קוק פריער אַז די זשורנאַלן, דער־נאָך צו פּענעקן:

—פאַרוואָס מיינט איר, אַז יידן לויבט מען דאָרט?

—פאַרוואָס איך מיין?..

אינעם מענטשס אויגן דערזעט פּלוצלינג פּענעק עפּעס גאַנץ ליכטיקעס אין געמיש מיט גרויס ערנסט,—צי איז עס אמאָל ניט אליין „דער סטראַוש“, וועגן וועלכן עס האַנדלט זיך אין פאַראָל?

די מייַסע איז,—דערקלערט אָנהעריציק פּענעק,—וואָס אין לייענען קומט אויס אָפט צו באַגעגענען זיך מיטן וואָרט „זשיר“. אמאָל טוט דערפון שטאַרק וויי. באַזונדערס, ווען דו באַגעגנסט עס בא מענטשן, וואָס זײַנען בא דיר אַז אַן עמעס כאָשעוו, לאָמיר זאָגן: בא גאָגאָלן, טורגעניעוון, צי בא טשע־כאָוון. נו, איז פון דאַנען, מיסטאָמע, נעמט זיך עס: אַז איך דערזע ערגעץ דאָס וואָרט „יעווריי“, קומט בא מיר שוין אויס, ווי מע וואָלט מיך טאָן א גלעט...

אליין פילט ער שוין, אַז ער זאָגט דאָ עפּעס איבעריקס, אַזוינס, וואָס אַלע ווייסן און פאַרשווײַגן. ער האָט דערוף כאַראָטע.

—נו יאָ,—טוט ער שוין אַ שמייכל,—קײַן קלאָרן כעזשבן, פאַרשטייט מען, גיסטו זיך דערבײַ ניט אָפּ...

—אַך, אַזוי גאָר?!

פאַרטראַכט בלײַבט דאָס מאָל אַף א רעגע ניט פּענעק, נאָר גראָד דער מענטש, וואָס זיצט אנטקעגן אים מיט אַן אונטערגעהויבענער איבערגע־וואָרפענער קני צווישן די אַרומגעאָרעמטע הענט. מאָדנע! ניט ער אין ניט פּענעק האָבן מיט קײַן אייַן וואָרט ניט דערמאָנט די קישעניעווער געשעע־נישן און דאָך באקומט זיך, ווי טאַקע נאָר איבער דעם וואָלטן זיי ביידע א ווײַלע געשוויגן.

—יאָ,—זאָגט דער מענטש,—יידנ האָבנ ניט ווייניק אויסצושטייִנ.

זונ ער שווייַגט ווידער א ווײַלע. ער פאַרדרייט זײַנ קאָפּ צו די זשור-נאַל-נומערנ אפנ טיש.

—דאָ,—זאָגט ער,—רעדט זיכ ניט וועגנ יידנ ביכלאַל.

ער טוט א כאַפּ דעמ זשורנאַל-נומער מיטנ וואָרט „יעווריסקאָמו" אינ קעפּל אפּ דער לינקער זײַט און שטרעקט אימ אויס פענעקנ:

—דאָ איז וועגנ א קאָנקרעטער פראַגע.

איבערגעלייענט דאָס קעפּל אפּ דער אָפּענער זײַט,—

„Нужна ли „самостоятельная политическая партия еврейскому пролетариату".

און געכאַפּט א קוק אפנ שאַר-בלאַט,—„Искра",—האָט פענעק א שאָקל געטאָנ מיט קאָפּ צו זיכ אַליינ: וועגנ אָט דעמ אָרגאַנ האָט ער שוינ ניט איינמאָל געהערט. מיט די אויגנ האָט ער באַלד א פלי געגעבנ איבער די שורעס פונעמ אַרטיקל אפּ די צוועלנטע זײַטנ. אינ וויַל אַלצ איז דאָרט גע-ווענ מאַר אימ דורכויס נײַ, איז ער געבליבנ צוגעזאָטנ בלויז צו איינעמ אַנ אָרט, וואָס האָט אימ מיטנ אינהאַלט באַוונדער פאַרינטערעסירט. פאַרביסנ א ליפּ, האָט ער מיטנ בליק עטלעכע מאָל זיכ אומגעקערט צו אָ-דעמ אָרט:

„Далее. Обвиняется Ек. Ком в недостатке ориентированности в вопросе об антисемитизме. З. К. Бунда обнаруживает поистине ребяческие воззрения на крупные социальные движения".

קימאַט אנטוישט האָט ער נאָכדעמ אַוועקגעלייגט דעמ זשורנאַל-נומער אפנ טיש לעבנ דעמ מענטשנ, וואָס איז שוינ ווידער געווענ שטאַרק פאַרטאָנ אינ שרײַבנ.

—אַלצ פאַרשטאַנענ?—האָט יענער פונ מיטנ דער אַרבעט א פרעג גע-טאָנ מײַסע קונדעס, שיר ניט איבערנעמעריש.

—ניינ,—האָט לעצט אָרנטלעכ זיכ מוידע געווענ פענעק.

זיכ געפילט קימאַט, ווי א בעקל אינטערנ פליצימדיקנ אָנגעשטעלטנ קוק פונעמ מענטשנס צוזאַמענגעצויגענע אויגנ אינ פונדעסטוועגנ געזאָגט דעמ עמעס:

—איכ פאַרשטיי ניט, פאַרוואָס זאָל דער אַנטיסימעטיזמ צוגערעכנט ווערנ צו סאָציאַלע באַוועגונגענ.

—צו וואָס דענ?

פענעק האָט פאַרקנייטשט דעמ שטערנ און טרויעריקלעכ געענטפערט:

—פאַרוואָס מוז מענ דעמ אַנטיסעמעטיזמ ביכלאַל צו עפּעס צורעכענענ? ער איז אַליינ פאַר זיכ א גאַנצ געשמאַקער מײַכל.

געמיינט האָט ער עס ערנסט, נאָר יענער האָט זיכ דאָ גראָד פריילעכ פאַנאַנדערגעלאַכט, ווי פונ א וויצ, זיכ אויפגעהויבנ, א שפּאַנ געטאָנ איבערנ צימער און פונ איבער זײַנעמ אַנ אַקסל זיכ אומגעקוקט צו פענעקנ:

—ערנסט: וואָס, מיינסטו, איז אזוינס אַנטיסעמעטיזמ?

—איכ, וואָס איכ מיינ?..

און ער האָט זיכ פאַרטראַכט: צומ וואָרט „זשיד" איז ער, אייגנטלעכ, פונ קליינערהייט אָנ איינגעמ מיט אַלע יידישע קינדער אינ זײַנ קליינער

שטאָט צוגעװױינט געװאָרן, װי, לעמאַשל, צו א שלעכט װעטער—גיי װער מע-שוגענערװײַז אופגעזאָגטן, אלעמיי איז אָסיען נאָס אין גאָס.

—ניין,—האָט ער זיך סאָפקאָלסאָף אָפּגעזאָגט פון צו ענטפערן,—איך װייס ניט.

—א?..

ארומשפּאַנענדיק איבערן צימער, האָט דער צעװאָרעמטער מענטש קי-מאַט אָנגעהױבן אונטערצולױפן:

—נו, און ייִדן ביכלאַל,—דו קענסט דאָך זיי, מיסטאמע, גוט,—פונװאַ-נען, רעכענענדע זיי, נעמט זיך דער אנטיסעמעטיזם?

פּענעק האָט א פּאָר מאָל א פּאָך געגעבן מיט די װיִעס. דאָס האָט ער זיך פאָרגעשטעלט פארשיידענע ייִדן, װאָס ער האָט זיי געקענט זייער גוט בא זיך אין דער קליינער שטאָט.

—גלױביקע ייִדן,—האָט ער געזאָגט,—זײַנען זיכער, אז פּאָגראָמען, לעמאַשל, זײַנען א שטראָף פון גאָט, און ניט קיין גלױביקע...

ער האָט באַנײַס א קלער געטאָן.

—ניט קיין גלױביקע,—האָט ער צוגעגעבן,—קוקן אפן אנטיסעמעטיזם, װי אפ א פארפלייצונג אָדער װי אפ אן ערד-ציטערניש, װאָס איז אמאָל שטאר-קער, אמאָל שװאכער—אזוי דאכט זיך מיר.

—נו אָט!..

דער מענטש איז מיטאמאָל שטיין געבליבן אינמיטן צימער און האָט זיך טיף פארבױגן פאר פּענעקן, װי אפ אָפּצוגעבן אים מאזלטאָװ:

—שטייען זיי דאָך אפ איין שטאנד-פונקט מיט ליאדע אנטיסעמיטן. אין דער סינע צו ייִדן זענען דאָך איינ אױך יענע א נאטור-געזעץ!

—א?..

זעלטן האָט פּענעק אין זײַנע אייגענע אױגן אױסגעזען אזוי טעמפּ, װי אינעם דאָזיקן מאָמענט. װירקלעך, װי האָט ער עס קיינמאָל ניט קיין טראכט געטאָן: האלטסט אנטיסעמיטן פאר דײַנע נידעריקסטע און בלוטיקסטע דאמ-סאָנים, און שטייסט מיט זיי שיר ניט אפ איין שטאנד-פונקט באם דערקלערן די סיבע פון אנטיסעמעטיזם,—סארא לעפּישער אָנזין!

שוין אליין מיט איינזען אזא לעפּיש נאַרישקייט איז, אין פלוג, גע-מאַכט געװאָרן עפּעס א טריט אפ אָפּצודעקן דעם עמעסן טאָך פון אָ-דער גאָלעס-לאנגער װיסטער ייִדישע צאָרע,—אזא געפיל איז בא פּענעקן. טאקע דערפאר איז אים א שאָד, װאָס דער רוסישער מענטש דאָ אין צימער האָט מיטאמאָל װי געביטן די טעמע און קלערט אופ, װיאזוי די עקספּלואטאציע פונעם מענטשן ברענגט דערצו, אז יעדער רײַכער שיכט זאָל דריקן אפן שכײַנישן, דעם װייניקער רײַכן!

—די אונטערגייענדיקע מעלוכע—זאָגט ער,—ראנגלט זיך מיט דער גרױסער אינדוסטריע. אױסגעפּאַכפּעטע פּױערים, דערטרונקענע אין נױט און אין כױ-װעס, זעען פאר זיך, דעריקער, דעם קליינ-הענדלער און דעם באַלמעלאָכע, צו װעמען עס פאלט אריין זײַער קעלבל, זייער פערד, אָדער זייער שװערער פאַרדינסט. און אָט אין די לענדער, װו קליינ-הענדלער און באַלמעלאָכעס זײַנען מערסטנסטייל ייִדן...

שוין קלאָר פּענעקן װעגן װאָס דאָ גייט: יעדער סאָציאַל-דעמאָקראט װעט דיר, פארשטייט זיך, דערװײַזן, אז אין אלע צאָרעס איז שולדיק די

בורזשואזע אָרדענונג מיטנ קאפיטאליזמ. אז דעמ גוביט האָט פּענעק ווינ-
טער-צײַט איינמאָל געהאט א שפּארעניש מיטנ קאמאשנ-מאכער לאפּידעסנ,
וואָס האָט אימ דערצו נאָכ געגעבנ לייענענ פארשיידענע בראָשורנ. דער פא-
מעלעכער לאפּידעס האָט דענסטמאָל בא אימ איינ מאָל אָנ שומ היצ א פרעג
געטאָנ:

—„וואָס-זשע? ביסט פונ יענע געצאצקעטע, וואָס אפ יעדער אומגע-
רעכטיקײַט מוזנ זיי האָבנ א באזונדער סיגע? אזוי טײַער איז בא דיר די
אומגערעכטיקײַט?..״

אויב איצט, ניט אָנעמענדיק ערגעצ טיפ אינ זיכ די אויסגעיערטע באווײַזנ,
פילט זיכ פּענעק א וועגע פאר רויט-הערנ, קומט עס פונ דערלאָזנ, אז אימ,
מעגלעכ, שטערט דאָ ווירקלעכ ניט מער, ווי עפּעס אנ איגווייניקסטע געצאצ-
קעטקײַט.

—נו גוט,—זאָגט ער צומ צעווארעמטנ מענטשנ,—דער אנטיסעמיטיזמ
איז א געווער אינ די הענט פונ די קאפּיטאליסטנ אונ פּריצימ, זיי דארפנ
מיט אימ אָפּווענדנ פונ זיכ דעמ צאָרנ פונעמ עקספּלואטירטנ אונוויסנדיקנ
פאָלק. שוינ זשע, אָבער, זײַנענ זיי אזוי כאָדלע קלוג, זיי זאָלנ פארדרייענ אָט
דעמ גאנצנ פּלאָנטער?

—אָ—אָ!—טוט דער מענטש אפּ אימ א פאָכ מיט ביידע הענט,—פונעמ
פרימיטיוונ מענטשנס מוידע פאר א דונער האָבנ זיי צוליב זייער עקספּלוא-
טאציע פארדרייט אוא פּלאָנטער אויש, ווי רעליגיע! ס׳איז דיר ניט קײַנ ווער-
טעלע...

## 5.

א מיטליאָריק ווײַבל מיט א פּראָסט רוסיש פּאָנעמ, פארשלייערט אינ א
פיל-פארביקער שאל, איז געשטאנענ אינ מיטנ וועג, ניט ווײַט פונעמ יידישנ
שפּיטאָל אונ ווי בא טאָג א הייליקע זאכ, ניט ארײַנקוקנדיק מאנצבילנ אינ
פּאָנעמ ארײַנ, געוואָרנט יידנ, וואָס ווילנ דורכשנײַדנ דעמ נאָענטנ מארק-
פּלאצ:

—קערט זיכ אומ...

—דאָרט שלאָגט מענ אײַערע.

סע איז געווענ טכילעס אָוונט, ווענ פּענעק האָט זיכ אומגעקערט פונ
פּערלאָווסקיס שטיבל. באשפּריצט מיט בלאָוולעכער געלקײַט אונטער א הויכ-
אופגעשווומענער לעוואָנע איז אפנ פוסטנ מארק-פּלאצ לעבנ פּלומפּ די עלנטע
פיר נאָכ אלצ געשטאנענ ניט-אײַנגעשפּאנט. אפנ וואָגנ האָט אונטערגעשפּרונ-
גענ דאָס דאָרפישע יינגעלע אינ האָט מיט ביידע הענט, ווי מיט פליגל, גע-
פאָכעט צו דער גאס, וואָס אפ יענער זײַט אלטנ געבויערטנ הויז. פונ דאָרט
האָט זיכ געהערט, ווי גרילצנדיקע מאנצביל-קוילעס ווערנ וואָס א מאָל
מער איבערגעמישט מיט גראָבע זידלערײַענ אונ מיטו קלאָלעס, אָנשטאָט א
פײַפ פונ א גאָראָדאָווי האָט ערגעצ-ווו א קוויטש פונ א פרוי דורכגעעק-
בערט די לופט אונ איז גלײַכ דערטרונקענ געוואָרנ אינ פארשטארקטנ גוואלד
פונ א צעווארעמטנ אוילעמ, וואָס האָרעוועט עפּעס מיט גרויס עקסטאז, ווי
בא אײַנעמענ א פעסטונג.

אביסל שפּעטער, אינ א באלויכטענעמ טראמווײַ-וואגאָנ, ווו פּענעק
איז אינ גרויס ענגשאפט געפאָרנ צוריק אינ שטאָט, האָט א מיטליאָריקער
גאלעכ, דורכויס אינ שווארצנ סאמעט, זײַנדיקערהײַט געטאָרקעט מיטנ

אקסל זײַנ נאָענטנ שאָכנ — א יונגנ ציכטיקנ טשינאָווניק אינ יוסטיצ-אוני-פאָרמ. ביידע האָבנ שמייכלענדיק געוווּנקענ אפ א פעסטנ צעשויבערטנ ייִדנ, וואָס האָט ערגעצ-ווו פארלוירנ זײַנ היטל אונ ווישט ניט אָפּ דאָס בלוט פונ זײַנ צעשלאָגנ פּאָנעמ.

פונעמ דאָזיקנ ייִדנ האָט מענ אינ וואגאָנ זיך דערוווּסט, וויאזוי אפ דער גאס, לעבנ אלטנ געמויערטנ הויז, האָט זיך „עס" אָנגעהויבנ:

— פונ דער כארטשעווניע האָט מענ דאָרט פארנאכט ארויסגעוואָרפנ א שיקערנ פויער. נו, האָט ער געטאָנ א פּאָר שפּאנ אונ איז אומגעפאלנ. נו, איז ער געלעגנ אינמיטנ גאס. נו, איז אָנגעקומענ דער דוואָרניק פונ אונ-טערנ פלומפ: דער עמעסער האָד, מע קאָנ אימ — אונ געמאכט א גוואלד: „זעט, ייִדנ האָבנ אימ געשלאָגנ". נו, אונ גראָד זײַנענ ייִדנ געגאנגענ דאווּנענ. נו, האָבנ זיך פונ אלע זײַטנ א יאווע געטאָנ כוליגאנעס, א גוזמע! מע ווייסט גאָר ניט, פונ וואנענ האָבנ זיי זיך אזויפיל גענומענ...

כאָמעש פענעק איז קימאט געווענ אנ איידעס, וויאזוי דאָס אלצ איז גע-שענ, האָבנ דאָך דעמ ייִדנס רייד געקלונגענ פאר אימ, ווי עפּעס ניט מאָ-מאָשעסדיק, שיר ניט ארויסגעטראכט — אפ אזויפיל איז דאָס געווענ געראָטנ אינ אלע פּאָגראָמ-מײַסעס, וואָס ער האָט פונ קינדווײַז-אָנ געהערט אָדער גע-לייענט, געראָטנ מיט אלצ, אפילע מיטנ טראדיציאָנעלנ „שיקערנ פויער", וואָס פיגורירט אינ אזוינע געשעענישנ פונ אוראלט אָנ, ווי עפּעס א מינ גע-צווּנגענער באגלייטער פונ ייִדישע דערנידערונגענ אינ אלע לענדער פונ זייער וואנדערונג.

טיפער אינ שטאָט, באמ איבערזעצנ זיך פונ איינ טראמוויי-וואגאָנ אינ א צווייטנ, איז פענעקנ שוינ מער קײַנ סאָפעק ניט געווענ, אז אויכ אפ אנדערע ערטער זײַנענ הײַנט געווענ אָנפאלנ אפ ייִדנ, בייס זיי האָבנ זיך אומגעקערט פונ די שולנ נאָכנ ערעוו-שאבעסדיקנ דאווּנענ, — דער אָפּקלאנג פונ די קישעניעווער געשעענישנ האָט, הייסט עס, ווי א פּאָגראָמ-שאמעס, שוינ באוויזנ אויסצוזײַנ אינ אלע טיילנ שטאָט אונ אומעטומ אָנזאָגנ:

— מע מעג!

פאר פענעקס אויגנ האָט א ייִדישע מישפּאָכע געפירט פונ ערגעצ אהיימ איר געשענדעטע שײַנדלינג — זייער א וווּקסיקנ אונ שיינעמ צעשלאָגענעמ זאָקנ אינ א שוואַרצ־סאמעטענעמ היטל אונ אינ שווארצע שאבעסדיקע קליידער. די מישפּאָכע, א גרויסע, איז אפּאָנעמ, באשטאנענ פונ אויסגעגעבענע זינ-אונ־טעכטער, פונ איידעמס, שנירנ אונ אייניקלעך. פּאָרויס, מיט א פאר-בלוטיקט אָרט אפ דער באק, ווו מע האָט אימ אויסגעריסנ א שטיק באָרד, האָט געשפּאנט דער זאָקנ מיט א פארריסענעמ קאָפּ, איבערנעמעריש, ווי דאָס וואָלטנ שפּאנענ געשענדעטע צוויי טויזנט יאָר פונ ייִדנ, — מע האָט זיך גע־יי-בעסט מיט זייערע אָוועס, מע האָט דאָ אינ שטאָט אפנ הויפּט-ארײַנגאנג פונ א מאָנאסטיר מיט די אויסיעס פונ זייער אוראלטער שריפט אָנגעשריבנ דעמ נאָמענ פונ זייער גאָט „יעהאָווע" אונ מע האָט זיי געשענדעט.

# א בריוו צו דאָוויד בערגעלסאָנ

טייַערער דאָוויד!

...א יובילײ פונ אזא קינסטלער, ווי איר, פונ אזא גרויס אונ פארנעמ, באטייַט — אנ אָרנטלעכער אונ אופריכטיקער סאכאקל פונ אופריכטיקער קינסטלערישער ענערגיע, פארוואנדלט אינ וואָרט, בילד, געשטאלט, האלב-טיפנ אונ טיפנ, וואָס דאָס פאָלק זעט אינ זיי א פארקערפערטע שטיק געשיכטע פונ זייַנעמ א געוויסנ פעריאָד, אונ לערנט זיי, אונ לייענט זיי ווי דעמ בוכ פונ זייַנע גויראָלעס.

אלצ, וואָס דאָס פאָלק האָט אינ יענעמ פעריאָד געטראָפנ, דאָס סאמע פריידיקסטע אָדער פייַנלעכסטע, איז אינ יענע טיפנ אונ האלב־טיפנ פארפיקסירט אונ פארגעשטאלטיקט דורכ דעמ קינסטלערישנ וואָרט, וואָס איז דער פאָלקס-איידעס, ארויסגעגראָבנ פונ זייַנע טיפסטע איניקסטע אויצרעס, אונ דורכגעשליפנ אונ געלייַטערט, מיט אלע מיטלענ, מיט וועלכע זייַנ קינסטלער, זייַנ באפולמעכטיקטער דערופ איז פונ דעמ באשאָנקענ.

דאָס פאָלק זעט זיכ אינ די געשאפענע ווערק פונ זייַנ גרויסנ קינסטלער, — סייַ אינ דעמ פעריאָד, ווענ זיי ווערנ געשאפנ, סייַ אויכ מיט דוירעס שפעטער, — ווי אינ א געטרייַענ שפיגל געגעבנ, מיט אלע יענע מייַלעס אונ כעסרוינעס, וואָס א פאָלקס-קערפער, ווי יעדער קערפער, פארמאָגט, פרייענדיק זיכ מיט די מייַלעס, וועלכע דינענ דעמ פאר א מוסטער אונ שטאָלצירנדיקער פרייד, אונ אָפּקערעווענדיק פונ די כעסרוינעס, וועלכע האָבנ זיכ אפנ געשיכטלעכנ וועג צו דעמ צוגעקלעפט, ווי א פרעמד פאראזיטירנדיק געוויקס.

יאָ... דעמ עמעסנ פאָלקס-קינסטלערס בארופ איז נישט נאָר די קונסט אינ ענגסטנ זינ פונ וואָרט, נאָר יעדעס מאָל, צוזאמענ מיט איר אונ נישט אָפּצוטיילנ פונ איר, אויכ דאָס דידאקטישע, דאָס לערערישע, דאָס שטראָפנדיקע, אָדער טרייסטנדיקע, וואָס דאָס באטייַט אויכ יעדעס מאָל דאָס פאָרויסגיינ אונ פאָרויסזענ פונעמ קינסטלער ווי א פאָלקס-פירער, וואָס זאָרגט פאר די געפירטע, זאָל זיי קייַנ שטרויכלונגענ אפ זייער סאָציאלנ וועג ניט טרעפנ, אונ אויב שוינ געטראָפנ — זאָל זיכ דאָס מער ניט איבערכאזערנ.

דאָס איז דער העכסטער קינסטלער-בארופ, פאר וועלכנ דער קינסטלער גיט אוועק אונ שענקט זייַנ גאנצ לעבנ אָנ איבערלייַב, אונ דאָס פאָלק באלוינט דערפאר מיט די שענסטע ווערטער אינ זייַנע פאנטעאָנענ, דאָס מיינט — אינ זייַנע באערנדיקע געדעכענישנ, וועלכע נעמענ זיכ ניט אויס אונ לעבנ אייביק, ווי אייביק דאָס פאָלק לעבט.

טײַערער דאָוויד, אײַער אָרט איז צווישן יענע אויבנדערמאָנטע קינסטלער. איר האָט אײַער גאַנץ ביז־אַהעריק לעבן געווידמעט דעם געטרײַען שילדערן און קינסטלעריש פאַרפיקסירן יענע פּראָצעסן, וואָס זײַנען פאָרגעקומען אין אונדזער פאָלקס־לעבן, — אָנהייבנדיק פון אײַער געוויסער סעריע — יאָרדים, געזעלשאַפטלעכע שלימאַזלס און „איבעריקע“ מענטשן — דער אומפאַרמײַדלעכער פּראָדוקט פון אַ געוויסער געזעלשאַפטלעכער פאָרמאַציע און פּאָליטישן רעזשים, אײַערע מירלס, מײַלעכס, כאַיִם־מוישעס, און אַנדערע, און איבערגייענדיק און האָבנדיק די זכיה מיטצושאַפן צו פאַרגעשטאַלטיקן אויך די נײַע פּראָצעסן, וואָס זײַנען אַזוי ווײַט פון די פריערדיקע, ווי הימל פון ערד.

איר האָט מיט גרויס בראָך באַערדיקט אײַער יאָרדים־דאָר און אַף זײַן קייווער אָפּגעזאָגט דעם כליפּנדיקן קינסטלערישן „קאַדעש“...

ס'האָט אײַך זייער ווייַ געטאָן, צוזעענדיק, ווי דאָס סאַמע פּייַקסטע, אָרנטלעכסטע און געוויסנהאַפטיקע גייט צו גרונט, ניט געפינענדיק קײַן אָרט אין יענעם לעבן־שטייגער, ניט געפינענדיק קײַן וואָרט אַף אויסצודריקן זײַנע פאַרשטומטע לײַדן, און אַ פּשיטע שוין — ניט קײַן שטיין אַף אַרײַנצוהאַקן אין די טיפֿן און שויבן פון יענע אורזאַכן און פאַראורזאַכער, וואָס האָבן זיי — אַזוינע פּייַקע, אונטערגעהאַקט די פליגל, און זיי געמאַכט קריכן, פויזען, צו גאָרנישט ניט טויגן, און נאָר צום „לײַטיש“ געלעכטער.

איר האָט שטילערהייט, שילדערנדיק יענע פאַרשווינען, אונטערגעוויינט, מיטפילנדיק זייער אומקומען, זייער „אָפּגיין“ און לאָזן נאָך זיך נאָר שטומע שלעסלעך אַף זייערע טירן, און אַף שטענדיק פאַרשלאָסענע ווי אײַער מײַלעך.

און ווי אַלע — מירל, ווען ס'האָט געדאַכט, און ס'האָט זיך געמוזט דאַכטן, אַז איר לעבן האָט פאַר איר אַן אַנדער ווער ווען שוין אָפּגעלעבט, און איר, מירלען, אַליין, איז דאָ, אַף דער וועלט, געבליבן ניט מער ווי נאָר דורך סימאָנים פון עמעצנס טריט דורכצוגיין, אַליין די ערד קימאַט ניט אָנרירן, זײַענדיק דער טרוים פון איר אייגן לעבן, נאָר ערגעץ ווײַט ווײַט אין די זיך לעשנדיקע און צאַנקענדיקע האָריזאָנטן.

איר האָט מיט טרערן אין די אויגן, אַליין אויך, פון צײַט צו צײַט, אונטן אַרום, געכאַפּט אַ קוק אַף יענע האָריזאָנטן, פרעגנדיק: ווען, און פון וואַנען וועט ער אָנקומען, דער גוירל פאַר יענע, וואָס גייען אום, ווי אין אוילעם־האַטויו, פאַטערן לעבנס אומזיסט און אומנישט, קומען אָפּ פאַר פרעמדע זינד, און ס'איז צײַט זיי אויסצולייזן...

אונדזער פאָלק איז שוין ווײַט אַוועק פון יענער צײַט — אַזוי ווײַט, אַז ס'פילט צו איר קײַן שום קרויווישאַפט, ניט ווייסנדיק פון איר לעבן און געבײַן, זיך געפינענדיק שוין גאָר אין אַן אַנדער רעזשים, שוין גאָר אין אַן אַנדער געזעלשאַפט, און מיטן באַוווסטזײַן, אַז דאָס וואָרט „יוירעד“ „געזעלשאַפטלעכער שלימאַזל“ און „איבעריקער מענטש“ האָט שוין ניט קײַן אָרט אין זײַן לעקסיקאָן אפילו.

אָבער ווי ווײַט דאָס פאָלק איז שוין איצט אַוועק, און שפּעטער, ווען ס'וועט האָבן נאָך מער אַוועקגעגאַנגען, וועט עס דאָך, אומקוקנדיק אַף צוריק און וועלנדיק זען זײַן אייגן לעבן, ווי עס האָט פריער אויסגעזען — אײַך דעם קינסטלער בערגעלסאָן, גרויס דאַנקבאַר זײַן פאַר אײַער מי געטרײַ צו שילדערן יענע קלאָלעדיקע פאַרגאַנגענהײַט; און יעדער מאָל, לייענענדיק אײַערע

ווערק, ווען עס האָבן דאָס בילד פאַר די אויגן, וויאַזוי, אין דער שווערער פאַרוואָלקנטקייט פון יענער צייט, זוכט איר מיט א הויכן פאַריסענעם קאָפּ גע-שטאַנען, זיך אויסקוקנדיק די אויגן און וואַרטנדיק אָפּ דער שיין, וואָס דאַרף און מוז זיך פון ערגעץ דורכרייסן.

איר האָט געקוקט, געוואַרט, זיך איינגעדערוואַרט און דערזען... און מיט וואָס פאַר א הונגער, מיט וועלכן אַפּעטיט אין גיריקייט איר האָט זיך א לאָז געטאָן צו דער נייער ווירקלעכקייט, וואָס זי איז נאָך קימאַט קיין ווירק-לעכקייט ניט געווען; דעמלט, ווען זי האָט ערשט געהאַלטן אין ווערן; דעמלט ווען אַלע געזעלשאַפטלעכע יעסוידעס האָבן נאָך געהאַלטן אין איינ-ציטערן און טרייסלען זיך פון אונטערערדישע שטויסן — אָט דעמלט האָט איר זיך מיט אייער קלאַמעריקן געדאַנק שוין אָנגעכאַפּט פאַרן נייעם, ניט וועלנ-דיק אָפּלאָזן, וויסנדיק, אַז צום אַלטן איז קיין צוריקקער, אַז שלימאזל איז געענדיקט, דאָס פאַסיווע, דאָס זיך נאָכשלעפּנדיקע און אונטער דער דאָך צערינענע איז אויס... ס'הייבט זיך אָן אן ערע פון וואָלעס — פון העכסטע, אַקטיווע, אין קאַמף געבוירענע און אין בלוט בייענדיקע; און — אַוואַדע און אַוואַדע ווען מען אייך דערפאַר דאַנקבאַר זיין — פאַר אייערע געשיל-דערטע באַטשקאָס, פיליפּאָווס, פּעניקס, און אנדערע — קינדער פון שטורעם-פיין און מאַרטירערטום, אָבער שוין מיט זיגעס-שיין אָפּ די שטערנס.

יאָ, דאָס אַלץ איז באַוווסט און פון אַלעמען אנערקענט.

וואָס זשע געהער אָבער באַזונדערט מיר איינעם אייערן א בען-דאָר, וואָס דער צופאַל האָט אים געגליקט זיך צוזאַמענטרעפן מיט אייך אין זיין פריער נאָך יוגנט, און וואָס איך בין אַזויפיל באַווירקט געוואָרן פון אָט דעם זיך צוזאַמענטרעפן און לאַנגן צוזאַמענלעבן — בין איך אַוואַדע שטענדיק דאַנק-באַר געווען און וועל, ווייט איך וועל לעבן, דאַנקבאַר זיין אָט דעם צופאַל,

איך האָב אייך פאַר א מענטשן פון פיל יאָרן פיל נאָכגעקוקט און נאָך מער פיל זיך בא אייך געלערנט.

געלערנט... ערשטנס, באַציִונג צו ליטעראַטור.

דערמאָנט זיך, אַז יעדעס מאָל איז בא אייך אַמאָל געווען איינגעפירט, אַז סיי, ווען איר פלעגט לייענען אייערע ווערק פאַר אנדערע, סיי ווען אנ-דערע פלעגן לייענען זייערע ווערק פאַר אייך, פלעגט דאָס יעדעס מאָל פאָר-קומען בא אָנגעצונדענע ליכט און לייכטער.

דאָס איז ניט געווען קיין פוסטע ביליק-געבלאָזענע דעקאָראַציע. ניין. דאָס האָט יעדעס מאָל באַטייט: ליטעראַטור איז יאָנטעוו; ליטעראַטור איז פייער-לעכקייט...

דאָס איז געווען זייער איינפאַך און האָט לאַכלוטנ ניט געשטימט מיט דעם דעמאָלטיקן וואַרשעווער ליטעראַרישן מאַרק, ווו ליטעראַטור האָט שוין גענומען א האַנט-פּאַרנאָסע, און וואָס ניט געקוקט, וואָס יענע ליטעראַטן האָבן נאָך געהאַט צווישן זיך אומגיין, שאַפן און ווירקן אַזא ווי י.ל. פּערעץ, האָט דאָס פונדעסטוועגן זיי ניט אָפּגעהאַלטן פון צו זיין דאָס, וואָס זיי זיינען אַליין געווען, — דאָס, וואָס האָט דערנאָך געגעבן היפּשע קאַדרען אין דער געלער פרעסע אַריין, דאָס, וואָס ווען אַזא, ווי איר, פלעגט אַמאָל קומען אָפּ אייניקע טעג גאָר אין זייער געזעלשאַפט, האָט עס אייך גענומען וואַרגן, איר האָט זיי מיינל געווען זייער ליטעראַרישע מעטראָפּאָליע און האָט זיך אַרויס-

גערוקט און צוריק אוועק איגעם שטילן, פון טומל ווײַטן, פראָווינציעלן, אין ליטעראַרישן זין, דעמלטיקן קיעוו.

ווער ס׳איז געקומען אין אײַער נאָענטקייט, דער האָט געמוזט יענעם הויִקן ליטעראַרישן מאַרק ווערן א סוינע, דער האָט זיך געשטעלט אין אײַער זײַט און גענומען שאפן א נייע פאר יענער צײַט ליטעראַרישע טראַדיציע, א נײַע ליטעראַרישע שול, וואָס בעראָש פון איר זיינט געשטאַנען איר, וועלכער איז ווערט און בארופן געוואָרן בעראָש צו גיין.

דאָס איז איינס.

צווייטנס: כ׳האָב זיך בא אײַך געלערנט באשיידנקײַט.

דערמאָנט זיך: ניט געקוקט, וואָס איר זײַט שוין דעמלט געווען דער באוווסטער און פון אלעמען אנערקענטער, איז אז אין פופצנטן יאָר, ווען פערעץ איז געשטאָרבן, און איך בין דעמלט געהאט אָפגעפאָרן פון קיעוו, אז איך בין צוריקגעקומען און מיר האָבן זיך געטראָפן, האָט איר צו מיר א פאל געטאָן מיט א געוויין: „אפ וועמען האָט ער אונדז איבערגעלאָזט?“...

איר זײַט שוין גאָרניט אזוי קליין געווען, גאָרניט אזוי אומבאהאָלפן און יאָסעמדיק, און דאָך איז מיטן אָפגיין און מיטן אויספעלן אין דער ליטעראַטור פון אזא פיגור, ווי פערעץ, האָט איר זיך דערפילט קינדעריש געבראָכן און ווי געלאָזט אפן וואסער...

דאָס איז, אגעוו, די טעווע פון אלע גרויסע, וואָס ס׳קלעקט זיי אי אפ אליין גרויס צו זײַן, אי אויך גרויס צו פארערן אנדערע; אי אליין איבערפול זײַן, אי פייִק זײַן די אייגענע איבערפולטקײַט צו אן אנדערנס פיס אוועקצולייגן...

דאָס איז ווײַטער געווען קעגן דער וואַרשעווער טראַדיציע, ווו יעדער נישטיק און האלב-נישטיק ליטעראַטל האָט זיך ארומגעטראָגן מיט זײַן „אָרעמעליקן“ „יאַך“, האָט געבלאָזן פון זיך און אויסגעזען, ווי אין נײַנטן כוידעש טראָגנדיק מיט א גאָען, שמועסנדיק צווישן זיך, ווען פערעץ איז נאָך געווען פערעץ, אז ער איז שוין אלט און אָפגעלעבט, דעמלט ווען זײַן מינדסטער פינגער האָט נאָך פארמאָגט אין זיך מער יוגנטלעכן פײַער, ווי זייער גאנץ באָהעמיש לײַב-און-לעבן.

דאָס איז צווייט.

דרײַ: כ׳האָב זיך בא אײַך געלערנט אכטן די אייגענע מעלאָכע.

כ׳האָב אײַך נאָכאמאָל געזען וויינען: שפעטער, אין 20—21 יאָר, דעמלט ווען איר האָט שוין געהאט געגומען פאר א טעמע די רעוואָליוציע, שוין גענומען שילדערן די נײַעווירקלעכקײַט, און ס׳איז אײַך לעכאטכילע שוין געגאנגען און איר האָט זיך איינמאָל פארהאקט, נישט פון אָרט...

איר האָט געוויינט, א געבראָכענער פון גרויס צאאר, מוירע האָבנדיק, אז קײַן קויעך וועט אײַך ניט קלעקן, און אז דאָס נײַע איז ניט פאר אײַך דאָס אײַנצונעמען, גוויוער זײַן, אײַנבײַסן און באהערשן.

איר האָט ניט געוואָלט קײַן „גרינגע לעבערלעך“, איר האָט אפ אײַער מאָס קוואליטעט און אפ אײַער מײַסטערשאפט אינעם שאפן אײַערע פריערדיקע ווערק ניט געוואָלט נאָכגעבן, איר האָט, פארקערט — געוואָלט פארן נײַעם נאָך מײַסטערשאפט. און איר האָט דעמלט א קליין שטיקל צײַט גײַסטיק

אומגעוואנדלט, זיך קיין אָרט ניט געקאָנט געפינען, אומגענישטערט און גע-שמעקט, ווי א בייזע און אומבאקאנטע זאך, וואָס באגעגנט זי...

און, פארשטייט זיך, אז בא אזא סאָרט אָנשטרענגונג, גאָרן, שטרעבנ און ווילנ א זאך צו באהערשנ, האָט איר סאָפקאָלטאָפּ געמוזט ארויס זיגער, און איר האָט זי, די זאך, די טעכ׳ע, טאקע, טאָמקאָלסאָפּ, באהערשט און אינ האנט ארייננבאקומענ אפ אזויפיל און אינ אזא מאָס, אז עס האָט אייך גענומענ די פולע פונ די פינגער זורויסצושפארנ.

איך האָב אייך קעסיידער געזענ א שווער־באלאָדענעמ מיט אייער קינסט-לערישער מיסיע, ווי אפ בערג-שטייגנ. ס׳איז קיינמאָל ניט גרינג אָנגעקומענ. איר האָט קעסיידער געהאלטנ אינ איינ נעמענ באַוויַנ. און דאָס ציט זיך שוינ אזוי לאנג באלד 30 יאָר און ביז היינטיקנ טאָג זייט איר ניט פונ די פלינק-מאכער, פונ די, וואָס לעבנ שוינ אפ זייער אייגענעמ פארגרייטנ, אפ זייער אָנגעזאמלטער טעכניק, און אפ אומזיסט-עסערישע רענטעס, נאָכ ביז איצט, ביזנ היינטיקנ טאָג, זע איך אייך נאָכ אלצ א באַרג-שטייגער מיט אייער שווערנ פאק באלאָדנ.

כ׳האָב אייך ערשט פאראיאָרנ נאָכ איינמאָל אפדערנאכט געטראָפנ בא אייער טיש, נאָכ א טאָג, צו זענ געווענ, שווערער ארבעט; די הויט פונ פאָנעמ איז אייך געווענ דורכגעשפּיקעוועט און דורכגעדריכערט פונ א גאנצנ טאָג פאפיראָסנ־רויך בלאָוו; און איר זייט נאָכ אלצ געזעסנ בא דער מא-טאָוועד שיינ פונ לאָמפ איבער אייערע פאפירנ פארטאָנ.

כ׳האָב עס דערנאָכ דערציילט אלע מיינע באקאנטע יונגע, און זיי גע-זאָגט: גייט, זעט, פאָרט, לערנט זיך, וויאזוי ס׳ארבעט דער, וואָס פילט פא-ראנטוואָרטלעכקייט פאר ארבעט...

מיט איינעמ וואָרט, לערנענ בא אייך איז געווענ וואָס, און איך האָב בא אייך פיל געלערנט, און ניט נאָר איך, נאָר צוזאמענ מיט מיר א גאנצער יונגער דאָר פונ אונדז, וואָס איז ארויס פונ אייערע „לענדנ" און וואָס איז אפ אייערע קני דערצויגנ.

איז נעמט זשע צו, טייערער דאָוויד, א דאנק פונ אונדז אלעמענ, און לאָזט זיך ווינטשנ, וואָס אייך קומט:

לאנג לעבנ, גליק און אומופהערלעכע שטייגונג אינ אייער ווייטער-דיקער שעפערישער ארבעט.

אייערער און אייער דאנקבארער

ניסטער

א· האָפּשטיין

## וועגן העלדן, מײַנע ברידער

כ׳זע דיך ווידער, כאווער מײַנער,
מיט די שפּרענקעלעך מיט דײַנע,
מיט דײַן ליב האָבן דערמאָנען
וועגן גיין אין פעלד צוזאַמען.
ס׳האָט געבליט דאָרט ווייץ און קאָרן,
ווי דער בלי פון דײַנע יאָרן.

האָסט געהאַט כאַוויירים צאַרטע, —
איינער שטייט באַם יאַם אַפ וואַכטע,
און דער צווייטער — צווישן ריזן
אַפן ראַנד פון ווײַטן מיזרעך,

און דער דריטער — ער איז עלטער, —
אַרבעט אַפ כערסאָנער פעלדער.

און אַט דו — אין ברען פון שלאַכטן
איבער פעלדער, איבער שליאַכן,
אינעם דונער פון האַרמאַטן,
אונטער שטאָלץ פון רויטן פלאַטער
ביסט פאָרויס מיט ביקס געגאַנגען,
און געזונגען שלאַכט-געזאַנגען.
און דיך טראָגט שוין אַפ די פליגל,
מוטער־היימלאַנד ווי אַ זיגער.

וואָס זשע האָט מיט דיר געטראָפן,
כאַווער מײַנער, העלד מײַן יונגער?
דײַנע שפּרענקעלעך פאַרלאָשן,
ס׳ליד פון לעבן ניט דערזונגען...
טויט פאַרוואָרפן די לעצטע רינגען,
דײַן געזיכט צו דר׳ערד געזונקען...
נאָר דײַן רום וועט אייביק קלינגען!
אַפ דער וועלט כ׳וועל זינגען לידער
וועגן העלדן — מײַנע ברידער.

## קאַלעוואַלע, דו זינגסט

קאַלעוואַלע, דו זינגסט, זינג זשע אויסעט מיט פרייד
וועגן רום פון די זין די באַפרײַער,
וואָס האָבן מיט ברוסט דיר אַ וועג דורכגעלייגט
דורך די זומפן, דורך וועלדער, דורך פײַער.

קאַלעוואַלע, דו זינגסט, זינג זשע אויסעט מיט האַרץ,
ווי אַ פֿלייגער ז׳געפֿלויגן אין וויגע,
אין דער שנייִקער ווײַט, ווען דער הימל איז שוואַרץ,
אים עס פֿירן די אויגן די קלוגע.

קאַלעוואַלע, דו זינגסט, זינג זשע אויס פֿאַר דער וועלט
וועגן העלד־רויטאַרמייער מאַרגוליס.
מיט גראַנאַט אין דער האַנט שטייט ער אויף, ווי אַ פֿעלדז,
און נאָך אים גייען העלדן כּאַיאַלעס.

קאַלעוואַלע, דו זינגסט, זינג זשע הייס, זינג זשע דרייסט,
ווי מע נעמט זיי, די אײַזערנע טורעמס,
ווי אַזוי מײַנע ברידער מיט מוט און מיט פֿלײַס,
טראָגן העלדיש די פֿאָן דורך די שטורעמס.

# פֿרי

אַף פֿאַלדן פֿון טאָג הויב איך אויף מײַנע בליקן,
ווי ליכטיקער מעש ס׳ווערן העלער די ווײַטן,
בײַ דעם בלוט־רויטן ראַנד, וווּ די פֿעלדער זיך וויגן,
עס ליגט דאָרט די זון אין אַ גאָלדענעם שײַטער.

מײַן לײַב ווערט פֿאַרגאָסן מיט שײַן פֿונעם פֿײַער,
און רויט ווערן בערג און בלויען די וועלדער,
און אַלץ, ביז אַ שפּענדל, ווערט יאָגנטעוודיק טײַער,
איך לויף, און פֿון גליק דער אָטעם פֿאַרפֿעלט מיר.

און דאַן מײַן געליבטע איך זע בײַ די שויבן,
אַ באָרוועסע שטייט זי מיט אויגן פֿאַרחלומטע,
עס שווימט דורך די זון פֿאַרבײַ אירע אויגן
— אַ גליקלעכער כאָלעם... איר בליק דער פֿאַרטראַכטער...

פֿאַרגייט זי די זון אַף בײַטע צווײ וועגן,
איינס וועג צו דעם טײַך, קיינס וואַלדהיים פֿירט דער צווייטער.
זאָל דאָרט געבענטש זײַן דער קוסט און דאָס שטעגל,
די ליבע, דער אָנפֿאַנג, וואָס איך האָב פֿאַרזייט דאָרט.

# ס׳איז גאַנצפֿרי איצט אין קאַנט

דאָ איז פֿרי, שטיל, קיין ריר,
אַף די גראָזן טויען.
בענק איך, טײַערע, נאָך דיר,
אין אַ פֿרי אַ בלויען.

נאָכ אזויפיל לאנגע יאָר,
כ׳האָב דײַנ בליק דערקענט איצט,
כ׳זע דײַנ קאָפּ מיט בלאָנדע האָר
איז צו מיר געווענדעט.

דאָרט אינ מײַרעוו טיפע נאכט,
קערסטו איצטער שלאָפנ.
דײַנע אויגנ גרינג פארמאכט,
ס׳איז דאָס פענצטער אָפנ.

ס׳איז גאנצפרי בא מיר אינ קאנט,
כ׳עפנ אופ די אויגנ.
כ׳הער א פריילינגדיק געזאנג
פונ אנ אופגעוועקטנ פויגל.

ס׳ציט א דאמפ שוינ פונעמ פעלד,
ס׳איז די ערד באפרײלינגט.
יעדער שטיינדעלע עס קוועלט,
כ׳בינ אינ זונ פארינגלט.

ווײַסע שטיבעלעכ באמ וואלד
פרייענ מײַנע בליקנ,
איבער זיי דער הימל שאלט —
וואָס-זשע פריער ליבנ?...

# אינ קאָלווירט

נאָכ פלינקער פונ א קאָברע ס׳האָט אופגעשײַנט די ליכט,
עס שוועבט אדורכ דער בליצ אזש ביז איבער די בערג,
דערנאָכ האָט זיכ דער אָוונט באוויזנ אומגעריכט
אונ נעמט זיכ שטילערהייט פארשפרייטנ אפ דער ערד.

אונ בלויז די בלויע וועלדער, ווי אינ טײַכנ גאָלד,
זיי שווימענ דורכ ארומ — א העלער קאראוואנ...
דאָס איז מיר הארציק ליב, אָט דאָס האָב איכ געוואָלט,
דאָ איז מײַנ היימ, מײַנ לעבנ פריידיק אופגעגאנ.

אינ גרויסע שווערע עמערס שימערט ליכטיק ווײַס, —
דאָס טראָגט מענ אָפּ די מילכ פונ קו-שטאלנ אהיימ.
א ייִד מיט א מעדאל גייט דורכ פעסט אונ שטײַפ,
דערהערט ער א געזאנג אונ בלײַבט א ווײַלע שטיינ.

— גוט אָוונט דיר — ער זאָגט צו דעמ קאָלווירט, —
די ליד פונ זײַנע קינדער טרינקט ער אויס ווי ווײַנ.
מיר דאכט, אנ אָוונטיקע גרינקײַט שעמערירט
אונ מישט זיכ אויס מיט יאָנטעוודיקער שײַנ.

ה. דאָבינ

# ביראָבידזשאַנ *)

## פּיעסע

### אָנטײלנעמער:

בײנעש — א געװעזענער באַלעגאָלע, איצט אײנער פונ די בעסטע קאָלװירטלער.
פראַדל — זײַנ װײַב, אָנפירערנ פונ דער פעלד־בריגאַדע.
יעדרוכעמ — פאָרזיצער פונ קאָלװירט, א סיבירער ייד.
פינסקי — א קאָלװירטניק, א ייד, װאָס האָט ליב אַרײַנקריכנ, װו נאָר מע דאַרפ ניט.
אַלטער — אַנ אַלמענ, א געװעזענער שוסטער, איצט א קאָלװירטלער.
ראָכל — אַלטערס טאָכטער.
זװױרע — איר באַװערטע.
מישקע — טראַקטאָריסט, ראָכלס געליבטער.
פײשע — אַלטערס ברודער.
הענ׳יע — זײַנ װײַב.
ריװע — לערערנ פונ קאָלװירט.
א יידענע — א קאָלװירטניצע, װאָס, אז זי עסט זיך אײַנ אינ א מענטשנ, קענ מענ שטאַרבנ.
דער פעטער מױשע
די מומע רײַצע
סאָרקע — זײער טאָכטער
זאַלמענ — א ייד מיט א פאַרבונדענעמ האַלדז, האָט פאַר אַלצ מוירע.
טרײַנע — א יידענע א קליפּע.
געושנ — א געזונטער מענטש, א האָרעפּאַשניק.
כאַװע — זײַנ װײַב.
רובנ — זײער זונ.
בענטשיק — אַנ אַרעסטער כעװרעמאַנ.
עזרע — בריגאַדיר פונ די איבערװאַנדערער. אַנ אױסגעדינטער רויטאַרמײער. א פאַרטײער.
פּעשע — זײַנ מאַמע.
נאָכעמ
פרויעמ — א קאָמיש־קלײנער באָכער׳ל.
זאַמע
ראָזע — א קאָמיוגיסטקע.
שײַקע — בריגאַדיר, א פאַרטײער.
דער פּאַנאַרשטשיק — אַנ אַלטער אַרטיקער קאַזאַק.
זכאַריע — אַנ אַרבעטער פונ שטאָט.
גרענעצלער. קינדער.

די האַנדלונג קומט פאָר אינ 1934—1935 יאָר.

---

*) דעמ ב. ה. דאָבינס פּיעסע „ביראָבידזשאַנ" איז אָנגענומענ צומ שטעלנ אינ ביראָבידזשאַנער ייִדישנ מעלוכע־טעאַטער א. נ. פונ ל. מ. קאַגאַנאָװיטש. מיר דרוקנ פונ דער פּיעסע 4 בילדער.

# ערשטע בילד

באנאכט אפן ברעג פון אמור. בא ג זעמליאנקע לעבן וואסער א מאסטבוים, פאר א סימענ, א׳ דאָ שטעלט זיך אָפ די שיף. אינ די סאָפקעס, לענגויס דעם ברעג, קומען אום פײַערלעך אײנס נאָכן אנדערן. דאָס צינדט אָן דער פּאָנארשטשיק לאמטערנס...

העניע: אלטער?!

אלטער: דאָ בינ איכ, דאָ.

העניע: מע הערט נאָכ ניט דעם פאראכאָד?

אלטער: (צערײַצט) ניטאָ. ניטאָ דעם פאראכאָד!

ערשט איצטער דערזעט מען: לעבן דער זעמליאַנקע ליגן פּעק, מענטשן.

אלטער: (מיט א ביטערן ניגון) אוי, גאָט מײַנער... אוי, גאָט מײַנער... אוי, אוי... (מיט געבעט) העניע, טו אים א וועק, העניע!

העניע: (דעקט צו פּײשען) לאָז אים, אלטער!

אלטער: פּײשע! (צו העניען) זאָל ער אופשטײן. עס ציט א קעלט פון דער ערד...

פּײשע: (כאפּט זיך אופ) וואָס ווידער, א?

העניע: שלאָפ! שלאָפ, הער אים ניט!

אלטער: ווײ איז מיר, ווי שלאָפט מען דאָס אינ אזאמינ צײַט. פינפ און פערציק יאָר האָב איכ אָפּגעלעבט אינ ביכאָוו, פינפ און פערציק יאָר אפּ אײנ אָרט און ס׳האָט מיכ ניט געארט, אז מע פלעג אוועקפאָרן...

עס קומט דער פּאָנארשטשיק און באלויכט די מענטשן מיט א לאמטערן.

פּאָנארשטשיק: מיט קלומקעס, הא? מע פאָרט און מע פאָרט. אמאָל זײַנען דאָ אזויפיל מענטשן ניט דורכגעפאָרן פאר א יאָר, וויפל איצטער פאר א טאָג...באקאנטע, דאכט זיך. אלטער, דו?

אלטער: נײנ, ניט איכ.

פּאָנארשטשיק: נו, זדראוסטווי, כ׳זע: אן אײגענער מענטש. שוינ איכ...אפּ שטענדיק?

אלטער: נײנ, דאָס פאָר איכ אינ כאבאראָווסק. אפּ א כאסענע צו מײַנעם א פלימעניק.

העניע: הער נאָר, הער וואָס ער טראכט אויס!

פּאָנארשטשיק: (ווײַזט אפּ פּײשעס פאמיליע) ווער איז?

אלטער: מײַנ בראטאָק...פּײשע.

פּאָנארשטשיק: וואָס ליגט ער דאָ?

אלטער: קראנק. (ווײַזט זיך אפּנ שטערנ) האָט זיכ גערירט פונ זינען.

פּאָנארשטשיק: וואָס רעדסטו?! אײַ, אײַ...

העניע: פּײשע, הער! וואָס איז? וואָס מאכט ער מעשוגע מענטשן?!

פּײשע: ווער איז מעשוגע, איכ?

אלטער: וואָס-זשע, א קלאָרער טוט אזוי, הא? יאָרן געהאָרעוועט, בעלאָפן נאָכ א בוים אויסקאָרטשעווען, נאָכ א פאָר הא פארזײעַנ...

**פאָנאַרשטשיק:** קינדערלעכ, קינדערלעכ ... עפּעס זיצט איר מיר ניט איינ אפ קיינ אָרט... עס טראָגט אייכ... א בלאָז דער ווינט אונ פּאשלי... ערד האָט ליב, אז מע בינדט זיכ צו צו איר... די ערד איז ווי א מאמע: גיסטו נאָר צו איר א שמייכל, אונ זי גיט די גאנצענע נעשאָמע ... וועט זי שוינ דיר אוועקגעבנ... ערד דארפ מענ ליב האָבנ...אָט וואָס...

**פיישע:** אז מע זאָל באגראָבנ יערוכעמענ...

**פאָנאַרשטשיק:** יערוכעמ? א מענטש, דאכט זיכ, אנ אונדזעריקער... כ'ווייס ניט, אלט בינ איכ שוינ... (פּאוזע) ס'איז פאר אייכ הייַנט פריי אוטעטומ... אמאָל, אז מע האָט אונדז געבראכט אהער, פארוואָרפנ אינ די בערג, איז ווי די וועלט וואָלט זיכ צונויפגעגאנגענ פארפאלנ... (ער לעשט אויס דעמ לאמטערנ אונ צו אלטערנ קומ. א גלאָז טיי טרינקענ. דעמ פאראכאָד איז נאָכ לאנג צו וואַרטנ. ער וועט פארשפּעטיקנ אינ אזא מינ פינצטערניש (פּאוזע) עמעצער גייט.

**אַלטער:** מיסטאמע, פונ אונדזער קאָלכאָז...איבערוואנדערער דארפנ באלד אָנקומענ פונ כאבאראָווסק. (אונ אפּנ קאָל) ווער גייט עס דאָרטנ?!

**פראַדל:** דאָס זיינענ מיר...

**אַלטער:** ווער איז דער מיר? א, פראדל, ביינעש. איר ניט באגעגענענ קרויווימ — עס איז א פריידער בא אייכ...

רער פאָנארשטשיק אוועק אינ זעמליאנקע

**ביינעש:** (צו פראדלענ) איכ האָב דיר געזאָגט, אז ס'איז פרי. נאָכ געקענט לייגנ שלאָפנ די קינדער.

**אַלטער:** פראדל, דיכ פאָלגנ דאָט אלע. כאָוער אימ אויס, אָקאָרשט, דעמ הולטיי! (פראדל קוקט זיכ ניט אומ אפ ביישענ)

**ביינעש:** איכ וואָלט גענומענ א בייטש אונ וואָלט אפּריכער אריינגעשמיסנ איר...

**העניע:** (ווייניק ריק) וואָס ווילט איר פונ מיר?

**ביינעש:** געדארפט אימ נעמענ אינ די הענט!

**אַלטער:** א הייב, אז זי וויל שטעלט זי אפ די פיס אונ, אז זי וויל, לייגט זי פונ די פיס.

יערוכעמ מיט פינסקינ קומענ

**יערוכעמ:** ניטאָ נאָכ די קאטערינשטשיקעס?

**פינסקי:** (לאכט) די איבערוואנדערער מיינט ער דאָס.

**ביינעש:** ניטאָ נאָכ.

**פינסקי:** (מיט א שמייכעלע צו פראדלענ) מע זאָגט: הע...הע...וואַקסט דאָ אַרומ מיט א מישפּאָכע, עפּעס גאָר ניט אפ א געלעכטער... (אונ פארענדיקט אונטערנ נאָז מיט א ניגנ פונ לערנענ טאנאכ) גאלגאל האכויזער באָאוילאָמ...

**פראַדל:** וואָס?

**פינסקי:** גאָרנישט, זאָג איכ...ס'א רעדעלע... (גיט א ווונק אפ ביישענ) איינער קומט אונ דער אנדערער פאָרט אוועק...

**פראַדל:** נישקאָשע. אז איינעמ, וואָס פאָרט איצטער אוועק, וועלנ קומענ אינ די הונדערטער...

**פינסקי:** ס'איז א רעדעלע...

**יערוכעמ:** (דעריזעט ביישענ) אָהאָ, א גאסט! זדראסטווי! ביסט נאָכ אלץ דאָ?

פ יי ש ע: איכ ווארט אפ דײַנ קווורע.
י ע ר ו כ ע מ: נו, אי שמענדריק זשע טי!
פ יי ש ע: (שפרינגט אופ) וואָס בינ איכ דיר פאר א שמעגדריק, הא?
ה ע נ י ע: גוואלד וועל איכ שרײַענ: פיישע!

עס פײַפט די שיפ. פיישע כאפט זיכ פאר די פעק

פ יי ש ע: (צו יערוכעמענ): דײַנ גליק, וואָס דער פאראכאָד קומט אָנ...
א ל ט ע ר: ס׳ איז פונ כאבאראָווסק. (אונ צו יערוכעמענ) פורנ געבראכט? מע האָט געדארפט אָנזאָגנ אינ קאָלכאָז...
פ ר א ד ל: (גיט אלטערנ א ווונק אפ פיישעס פאמיליע אונ אפ דער זעמליאנקע) נעמט זיי צו, ביזוואנענ די מענטשנ וועלנ ניט אוועקפאָרנ אינ קאָלווירט...
א ל ט ע ר: (נעמט פיישעס פעק) פיישע, נעמ די קינדער! קומ, וועסטו טרינקענ א גלאָז טיי...איר וועט זיכ דערוואַרעמענ...
פ יי ש ע: (רײַסט בא אימ ארויס די פעק) וואָס באהאלסטו מיכ? איכ האָב בא קיינעמ גאָרניט צוגעגאנוועט...
א ל ט ע ר: העניע, נעמ אימ צו, העניע!
ה ע נ י ע: דער פאראכאָד קומט דאָכ אָנ?
א ל ט ע ר: אוי, ווי איז מיר...ס׳איז ניט אײַערער...
פ ר א ד ל: (צו העניענ) נעמ די קינדער אינ זעמליאנקע! מע וועט א קוק טאָנ איר זיצט אפ דער פור...וועט זיי דאָכ טרעפנ ווי א דונער...

די שיפ פײַפט... טוט א פיר מיט דעמ פראָזשעקטאָר איבערנ ברעג, אנטפלעקנדיק די מענטשנ, פעק,ביימער, ווײַטע סאָפקעס. דער פראָזשעקטאָר באשײַנט אלטערנ. ער צעשפרייט זײַנע פאָלעס אונ פארשטעלט מיט זיי פיישענ מיט דער פאמיליע. דער דאמפער דרייט זיכ אויס. מע הערט דעמ קייטנ־קלאנג פונעמ אראָפגע־לאָזטנ אנקער אינ וואסער. דער קאפיטאנ שרײַט אינ רופאָר „שליופקא נא באָרט! פאָווראטשיוואַי!" א קלאפערײַ פונ דער מאשינ. ווידער דער קאפיטאנ: „אראָפלאָזנ די קינדער אונ פרויענ, די מאנצבילנ שפעטער!"

ק ו י ל ע ס: יאנקל, יאנקל, ווו ביסטו?
ק ו י ל ע ס: ווי איז מיר, דאָס קינד...דאָס קינד, זע ווי טראָגסט...
ק ו י ל ע ס: דעמ טשעמאָדאנ ניט פארגעס, באָרעכ!
ק ו י ל ע ס: ביינעש, פראדל!
פ ר א ד ל: דאָ בינ איכ, דאָ!..

פראדל מיט ביינעשנ לויפנ אנטקעגנ די קרויוויִמ.

א י ו נ ג ו וי ײַ ב ל: האלט מיכ שטארקער, אוי גדאליע, דער קאָפ דרייט זיכ מיר... (גיט א קוויטש) איכ פאל אינ וואסער...
ע ז ר ע: קינדער, האָט ניט מוירע!
י ו נ ג ו וי ײַ ב ל: ס׳איז אימ גוט צו זאָגנ „האָט ניט מוירע"...

איינ שיפל שטייט צו צומ ברעג— ווײַבער, קינדער, א צווייטע מיט א מאנצביל. פינסקי צווישנ פראדלענ אונ ביינעשנ מיט די קרויוויִמ. אָנ־שטאָט ביינעשנ פאלט פינסקי ארײַנ אונטער די הענט, זיכ קושנ־דיק כאפט מענ זיכ: „גאָר א פרעמדער"

פינסקי: הע,הע... קײנע אײנאָרע, א מישפּאָכע.

סאָרקע: עפּעס א קלעפּיקער יידל.

דער קאַפּיטאַן אין רופּאָר: „אַלע אַפן ברעגן!"

עזרע: אַלע. זײַט געזונט! איר װעט פאָרן פאַרבײַ, פאַרפאָרט. (מע פאָכעט מיט די היטלען און טיכלעך) א טײַערע כעװרע די קאָמאַנדע... דרײַ מעסלעס דורכגעמאַכט מיט זײ פון כאַבאַראָװסק און פּונקט װי ברידער געװאָרן.

די מומע רײצע כאַפּט װידער ארום קושן פּראַדלען.

מומע רײצע: קײנע אײנהאָרע, ביסטו אזוי שײן, אזוי יונג. מוישע, װאָס זאָגסטו?

עזרע: נו, קינדער, אַנ עק. איצטער זײַנען מיר שוין אינדערהײם. װער איז דאָ פאַראַן פון קאָלװירט „שטערן".

גראָדל: פאַראַן, פאַראַן.

זאַלמען: עפּעס לײַכסטו מיר שלעכט. קום נאָר ארויס. לאָמיך זען מיט װעמען דאַרפן מיר דאָס א שידעך טאָן...

ירוכעם: (שטופּט אָפּ פּראַדלען אָן א זײַט) װאָסי? פאַראַן בײַ אײַך קאַטערינשטשיקעס?

בענטשיק: קאַטערינשטשיקעס ניטאָ, אָפּ א קערטל מאַכן — דאָס קען איך.

עזרע: װאָס װילסטו נאָך?

ירוכעם: אָט אַרבעט זאָל מען פון אײַך זען.

עזרע: לאָז נאָר צו זיך קומען, װעסטו זען אַרבעט אויך...

פינסקי: אז מע גײט אַראָפּ פון שיף, זאָגן אַלע אזוי... האָרים און־װאָס זאָגט מען צו...

עזרע: װאָס דאַרפן מיר אַסאַך רײדן: איר װעט זען!

זאַלמען: (צו פינסקין) װײַט עפּעס פונדאַנען דער קאָלכאָז?

פינסקי: (װײַזט אַפן װײַטן ברעג): אָט איז דער קאָלכאָז.

טרײַנע: (גיט א פּליעסק מיט די הענט) אָט דאָס איז די הײם! ניט קײן שטוב און ניט קײן דאַך...

א צװײטע: װײ איז מיר און װינד איז מיר... הערט! הערט: די דיקאַסט הױעט.

פעשע: שאַ, װײַבער!

טרײַנע: איך װעל זיך א מיסע אָנטאָן... איך װעל זיך אין טײַך אַרײַנװאַרפן...

עזרע: טרײַנע, ס'איז אײַך ניט אין איר קוטסק אַפן װאָקזאַל, װען אײַך האָט זיך פאַרװאָלט פאָרן מיטן גוטן פּאָיעזד... (צו ירוכעמען) װו זײַנען די פורן? מע דאַרף נעמען די װײַבער און קינדער און פאָרן אין קאָלװירט... ס'איז קאַלט... און מע איז נאָך דערצו אויסגעמאַטערט פון װעג...

כאַװע: אוי, װײ, סאַראַ װעג! האָט מען אָנגעהויבן פאָרן, האָט מען אָנגעהויבן פאָרן... געדרשנ, שרײַ איך, װען װעט מען דאָס שוין קומען אַפן אָרט? װײ איז מיר, דאָך שוין באַלד קיטאַי!..."

ירוכעם: (רופט אָפּ עזרען אָן א זײַט): עס װעט ליכטיק װערן. איצטער קען מען צום קאָלכאָז ניט צופאָרן, (שטיל) ס'א װאַסער.

עזרע: א װאַסער?

יערוכעם: (ווינקט אפּן אוילעם) טס...

עזרע: נו, מיילע. פאַרשטאַנען. כעוורע, צעלייגט זיך, ווי אינדערהיים. מיר וועלן דאָ באַלד מאַכן א פייער... און ביז טאָג... קורצע נעכט אין ביראָ-בידזשאַן, א?

פּינסקי: קורצע, קורצע...

עזרע: איך האָב פיינט, אז מען בורטשעט מיר אונטער דער נאָז. רזוון, גדאַליע, איר זעט, אָ-נאָ ליגט האָלץ, נו איינס און צוויי... און וואָרעם זאָל ווערן!..

פראַדל: (צו יערוכעמען): וואָס צעלייגט מען זיך דאָ, נעכטיקן?

יערוכעם: מ׳וט באַלד ברענגען פורן. איך האָב אוועקגעשיקט פּינסקין.

יערוכעם אוועק אין זעמליאַנקע. מען צעלייגט א פייער. מע שלעפּט צוזאַמען די פּעק.

עזרע: (צו די היגע מענטשן) א כעוורע, הא? געפּירט אזש פון מאָס-קווע. א ביסל פאַריטשער, די איבעריקע פון אוקראַינע—עטלעכע אָדעסער. פון אלעמען קיין איינעם ניט פאַרטרונקען. אלע גאַנצ. אלע געזונט, און אלע ווילן עסן.

פּינסקי איז שוין דאָ צוריק.

פּינסקי: יאָ, יאָ, אלע ווילן עסן. אוי עסן!..

מוישע: וואַרט, נאַר, וואַרט. מיינסט אוואדע, אז דאָ האָבן זיך עפּעס צינויפגעקליבן יינגלעך, וואָס קאָטאָרי האָבן אפּ זייער לעבן גאָרנישט ניט געטאָן?

גערשן: איך האָב מיר מיינע גאַנצע יאָרן געהאָרעוועט, געדרייט די ראָד בא יויעל בראָכעס אין דער אָליינע. אוי, געדרייט באַטאָג און באַנאַכט...

עזרע: (לאַכט) ס׳האָט פאַרדראָסן, א? און פאַר א צוקומעניש—א בעז-ראַבאָטנער דערוויילן—האָט קיין פאַריבל ניט... אפּ דעם סאַמען ביי׳קאָל גע-האַט...

ער וויל נעמען דאָס קינד בא דער מוטער פון די הענט.

דאָס ווייבל: גיי, שוין גיי! בא דיר גייט אלץ אוועק מיט א גע-לעכטער. דו זע בעסער, מען זאָל קומען אפּן אָרט, און כ׳זאָל דאָס קינד קענען איבערוויקלען... אוי, טאַטעניו! עפּעס קאַלטע נעכט איז דאָ זייער...

גדאַליע: (איר מאַן): ס׳וועט אלץ זיין רעכט, האָב קיין צאַר ניט...

פראַדל: (פאַרהאַלט פּינסקין): ווו זיינען די פורן?

פּינסקי: אָט באַלד, באַלד... ט׳מען זיי ברענגען... (ער העלפט זאַל-מענען שלעפּן א פּאַק) ווער איז דאָס אָט דער בא אייך, וואָס דרייט מיט אלע-מען?

זאַלמען: אין קראַסנאַאַרמייסקן אָנטאָן? ס׳איז עזרע. וועגן אים מעגט איר שוין זיין זיכער. דאַווקע א קאָפּ. אוווא! א גאַנצן וועג האָט מען זיך געהאַלטן אַרום אים—אייזן...

כאַוועַ: (צו אלטערן) זאָגט מיר נאָר, אבעטאַך, ווער ליגט עס דאָ מיט פּעק?

אלטער: (טראָגט זיך אָפּ) עפּעס איינער... א פרעמדער... כ׳קען אים גאָרניט...

א שמועס פון פראַדלען מיט אירע קרוווים:

ס אָ ר ק ע: מײער איז אװעקגעפאָרן הינטער מורמאַנסק־ א זאװאָד בױען און פון ביניאָמינען האָב איך ערשט דערהאַלטן א בריװ. ער רײַסט זיך אַהער...

פּ ר א ד ל: גוט, גוט. זאָלן קומען אַהער װאָס מער מענטשן, יונגע מענטשן, געזונטע...

מ ו מ ע ר ײ צ ע: װאָלסט אים זען מײַן ביניאָמינקען ־שײן, װי גאָלד...

מ ו י ש ע: א מישפּאָכע, זאָג איך, פּראדל... אײנער האָט אָנגעשטעקט אױש הינטער מורמאַנסק, א צװײטער ־אין מינסק... און ־יר (פּאװע) אַז מע װיל, פּאַרשטײסט, איז דאָס גאָרניט. געפּ... ־ן! און אז מען װיל: איך בין דאָך שױן ניט קײן ײנגעלע... אָפּגעלעבט אין פּאַריטש עטלעכע און דרײַסיק יאָר. די לעצטע יאָרן האָט מען זיך א ביסל ארופגעכאַפּט־־מען איז ארומגעװאַקסן: א שטיבל, א גאָרטן, מען האָט זיך דעם שטיקל ברויט: זאָל זײַן פון באַקן נעבעקס. און פּלוצים האָט זיך פּאַרװאָלט, עפּעס װי אײנער שטײט הינטער דער פּלײצע און שטופּט. „פּאָר! פּאָר מוישע, הײב אָן ־אָר פונדאַסניי... גאָר, גאָר פון אָנהײב"...

א ײ ד ע נ ע: (מיט א זיפץ) אוי װײ איז מיר...

פּ ר א ד ל: (צעלאכט זיך) װאָס זיפצט איר, נארישע?

א שמועס צװישן זאַלמענען מיט פּינסקין.

ז א ל מ ע נ: א? איז װי לעבט מען בא אײַך? אין אָדעס בא אונדז װײסט מען גאָרניט. כ׳פרעג: „װאָסי, עפּשער פּאָרן דערהײַל אַלײן? װי פּאָרט מען דאָס מיט פאַרבונדענע אױגן?" לאַכט מען פון מיר: „גליקלעכע זײַט איר דאָרטן זײַן"!

פּ י נ ס ק י: גליקן? װײס איך...

ז א ל מ ע נ ס װ ײַ ב: דו זע בעסער פון אַלע גליקן, זאָלסט כאָטש ניט פאַרקילן דעם קראַנקן האַלדז.

ז א ל מ ע נ: כ׳ל אײַך זאָגן דעם עמעס: א מענטש בין איך ניט קײן בױקער. איך האָב עפּעס מוירע... זײ האָבן מיר דאָך געזאָגט, אז דאָ איז פּאַראַן א טראַמװײַ...

אין א צװײטן װינקל־פּײנעש מיט די איבערװאַנדערער.

ב ײ נ ע ש: (צײלט פאַרבױגנדיק די פינגער) א בעהײמע, כאַזײרים, א פּאָר צענדליק הינער, א שטוב. איר װעט אַרײַנקומען־־א מעלוכע... ביז מײַן לעבן ניט ערגער...

א ײ ד ע נ ע: אוי װײ איז מיר...

פּלוצים גיט א קנאַל א שאָס. אַלע זעצן זיך צו, עס װערט א טומל „װאָס איז?"

א ב אָ כ ע ר ל: שא, שא! דאָס האָט רװונ אױסגעשאָסן.

ג ע ר ש נ: אָט אַן אכזער! מען זיצט און מען דרימלט, ערשט נא דיר ־ מוראכ!

ב ײ נ ע ש: מע טאָר ניט, כאַװײרים. באַנאַכט אפן גרענעץ טאָר מען ניט שיסן!

כ א װ ע: װאָס װײסט איר. קינדערשן סײכל האָט דאָך דאָס. מיר זײַנען געזעסן א מעסלעס צײַט אין כאַבאַראָװסק אפן ברעג, איז ער אװעקגעגאַנגען שלעפן זעק אפן פּאַראַכאָד. גוט. ער װעט עפּעס פאַרדינען. קױפט זיך א פּאָר שיך, רװונ, ביסט דאָך באָרװעס און כאָטש האָק אים־־האָט ער זיך

דאַפקע געקויפט א ביקס... אפ אָכאָטע וועט ער גיין, דער טאַכשיט מײַנער. (זי פאלט אָנ אפ רווענעג) באגראָב ערגעצ דײַנ מאַלעכהאַמאָוועס! וואָרעמ איכ וועל זיכ א מיסע אָנטאָנ. גערשנ, וואָס שוויַגסטו אימ?!

ר ו ו נ: (לאַכט) נו, שאַ. מער ניט.

ג ע ר ש נ: אײַ, אײַ, מענ לאָזט גאָרניט צומאַכנ מיט קײַנ אויג...

פ ר א ד ל: ביינעש, קומ אהער! וואָס זעט מענ דאָס ניט די פורנ, הא, ווו איז יערוכעמ? אינ זעמליאַנקע?

זי גייט אוועק אהינ.

ז א ל מ ע נ: (שמועסט ווידער מיט פינסקינ): איכ פארשטיי ניט: צו וואָס דארפ מענ לײַגנ. דו קומסט אינ אָזעט. זאָג: „שעד, טײַוול... שווער, גיט שווער, מענ דארפ אויסבויענ" אונ דאָ...

פ י נ ס ק י: וואָס דאָ. מענ פאָרט צוריק.

ז א ל מ ע נ: ווער פאָרט?

פ י נ ס ק י: אָנ-אָ. אנ אלטער איבערוואנדערער. נאָכ פונ דעמ 1928 יאָר...

מ ו י ש ע: א!

ער שפרינגט אופ, גייט צו צו פיישענ. א יידענע האָט עס דערהערט, דערציילט א צווייטער, עמעצ האָט שוינ געגעבנ א קוויטש, א זיפצעניש גייט אוועק.

ק ו י ל ע ס: פונ 28-טנ יאָר?

—"—: פאָרט אוועק?

ט ר ײַ נ ע: לייבע-בער, ס׳איז מיר שאָפל... ס׳איז מיר ניט גוט, לייבע-בער.

מ ו מ ע ר ײ צ ע: אוי ביטער איז מיר... ווו איז פראדל?!

פ ר א ד ל: (קומט אָנ מיט יערוכעמענ) וואָס איז? וואָס שרײַט מענ?

ע ז ר ע: שאַט! אָרגאניזירטערהייט. (צו פיישענ) אנ עמעס? אָפגעווענ די סאמע שווערסטע יאָרנ אונ איצטער אנטלויפסטו?!

א ל ט ע ר: קינדער, הערט אימ ניט! ער איז טאַקע מײַנער א ברודער, נאָר הערט אימ ניט! יערוכעמ, הייס ברענגענ פערד! ביסט דאָכ דער באַלעבאָס אינ קאָלכאָז...

ע ז ר ע: ס׳א וואסער, זאָגט ער. מענ קענ ניט צופאָרנ צומ קאָלווירט.

פ ר א ד ל: וואָסער וואסער?

א ל ט ע ר: גוואלד וועל איכ שרײַענ. פינסקי לויפ נאָכ פערד! זאָל מענ ברענגענ פורנ.

י ע ר ו כ ע מ: המ... פורנ...

פ י נ ס ק י: נישקאָשע, מענ קענ גײַנ צופוס...

ע ז ר ע: שאַט, קינדער, לאָזט מיכ! (צו פינסקינ) ווארט... וואָס איז עס פאַר א מינ יידל, וואָס האלט נאָר אינ איינ בורטשענ...

פ י נ ס ק י: אז מיר האָבנ געדארפט, זײַנענ מיר געגאנגענ ביזנ האלדז אינ וואסער...

ביינעש בארויקט דעמ אוילעמ. פראדל לאָזט זיכ ערגעצ גיינ.

ב י נ ע ש: וווהינ לויפסטו?

פ ר א ד ל: גיב דאָ אכטונג, איכ וועל באלד קומענ.

פראדל אוועק.

ז א ל מ ע נ: די קינדער... די קינדער אָבער...

י ע ר ו כ ע ם: לוינט ניט... (און ער מאַכט אַ באַוועגונג מיט די הענט); קענט איר פאָרן פון דאַנען...

ב יי נ ע ש: יערוכעם, טרײַב ניט!

י ע ר ו כ ע ם: קענסט אויך פאָרן!

ב יי נ ע ש: וואָס!? מיך טרײַבן פון קאָלכאָז!? דאָס זעסטו, ווערסטו נאָך ניט דערלעבן אַזוי גיך...

ג ע ש ר יי ע נ: אָט אַזוי אָט באַגעגנט מען דאָס נײַע מענטשן, האַ? צוריק! וואָס זײַנען מיר אָן הענט?!

ב ע נ ט ש י ק: (צו יערוכעמען אַפּן אויער) אָן-אָ, די הולטאַיקע זײַנען, פּראָדל, אַנטלאָפן נאָך פורן.

יערוכעם גייט שנעל אַוועק אָן אָנגעצונדענער.

ע ז ר ע: (צו בענטשיקן) שטיל דו, פּאַסקודסטווע! (פּאַוזע) הייסט עס, מען דאַרף אונדז דאָ ניט?

ב יי נ ע ש: ס׳איז ליגן, כאַווײַרים, קומט אין קאָלכאָז... איך גיי מיט אײַך!

ע ז ר ע: אַ לאַנד, וואָס בויט זיך ערשט... ווי טרײַבט מען דאָס מענטשן? מען דאַרף דאָך דאָ יעדן, וואָס וויל עפּעס טאָן, אויפכאַפּן... כ׳האָב געקלערט: כ׳פיר אַ כעוורע... עמעצער וועט מיר נאָך אַרײַנשפּאַרן אַ האַנט „נאַ ברודער, אַ דאַנק! געבראַכט געזונטע מענטשן... אַרבעטער-מענטשן“...

עס פּײַפט אַ שיף. מען הייבט ווידער אָן שרײַען.

ק ו י ל ע ס: אַ פּאַראַכאָד גייט אַפּ כאַבאַראָווסק!

...: צוריק, צוריק לאָמיר פאָרן...

פּײַשע מיט דער פאַמיליע לאָזט זיך צום פּאַראַכאָד, אַלטער שטעלט זיך אים אין וועג. ביינעש לויפט פאַרהאַלטן פּײַשען, די מומע רײַצע קומט אים אַנטקעגן:

מ ו מ ע ר ײַ צ ע: ביינעש, האַ! דאָס דאָך אונדז אין אָנגעטרעבעוועט. ווײַ, ווײַ... ס׳איז פּראָדל אַנטלאָפן פון אונדז?

ב יי נ ע ש: וואָס רעדט איר, מומע? קיינער איז פון אײַך ניט אַנטלאָפן! זי איז אַוועק נאָך פורן.

א ל ט ע ר: פּײַשע, איך ווער משוגע. עס מישט זיך מיר דער קאָפּ.

(ער כאַפּט אָן פּײַשען פאַר די פּעק, יענער גיט אים אַ ווּאָרף. ער פאַלט אום, צעוויינט זיך).

פּ יי ש ע: (דרייט זיך אויס און הויכ אַפּ אַ קאָל) איר וועט ערשט וויינען אַפּ יערוכעמס קאָפּ!

ב יי נ ע ש: (לאָזט זיך פאַרהאַלטן עזרעס כעווירע) כאַווײַרים, וווהין?

ע ז ר ע: (פאַרשטעלט דעם וועג) קיינער וועט אין ערגעץ ניט גיין!

בענטשיק וואַרפט אים אָפּ אָן אַ זײַט. זיי גייען צוזאַמען מיט פּײַשען אַוועק צו דער שיף. די שיף פּײַפט. עס לויפט אָן ריווע.

א ל ט ע ר: אוי טאָכטער, ריווע... טאָכטער, ריווע...

ר י ו ו ע: איך ווייס שוין וועגן אַלץ... מיר האָט פּראָדל דערציילט. וווּ זײַנען זיי? באַם פּאַראַכאָד?

זי לאָזט זיך אַהין. מען הערט איר קאָל: „וווהין?! כאַווײַרים, וואָס טוט איר דאָס“, „געפאָרן אַזאַ ווײַטעניש מיט ווײַבער און קינדער“, אַ טומל. גוואַלד־געשרייען.

עזרעס קאָל. ריווע קומט צוריק. אַפּן פּלייצע — אַ פּעקל, אַפּ די הענט עמעצנס אַ קינד. נאָך איר עזרע, ביינעש, נאָך זיי קוילעס:

ט ר ײַ נ ע: זאָלן זיי זיך ווערגן מיט זייער קאָלכאָז!

ב ע נ ט ש י ק: שאַ! שאַ! (ער גיט זיך א דריי ארום ריווען, גיט א פּײַפ) נו, א מיידל...

ר י וו ע: נאָך ניט באַוויזן אָנקוקן דעם קאָלווירט... עפּעס אזוי גרינג פּאָרט מען דאָס אוועק?

ג ע ר ש נ: (צו בענטשיקן, אָנווײַזנדיק אפ ריווען) הע... הע... א מאַמ-זערטע, הא? ווי פון פײַער א כאַפּ געטאָן דאָס קינד און אוועק, און אוועק...

ר ו ו נ: (שלינגט אויך ריווען מיט די אויגן) ווער איז זי?

א ל ט ע ר: א לערערקע בא אונדז... אפ איינ שאָל באָלד און אפ דער צווייטער — זי.

ב ע נ ט ש י ק: (גוט אָנקוקנדיק ריווען) אויס פּאָרן! מיר לויגט שוין בלײַבן דאָ...

ר ו ו נ: איך בלײַב אויך.

ב ע נ ט ש י ק: האָסט דאָך געוואָלט אוועקפאָרן!

ר ו ו נ: ווער, איך? דאָס האָט זיך דיר, מיסטאָמע, אויסגעוויזן... איך האָב אפילע אינ געדאַנק ניט געהאַט.

ר י וו ע: מיט אזא כעווריע, ווי איר, קען מען דאָך וועלטן איבערקערן. ווי זאָגט איר, כ׳, ביינעש?

ב יי נ ע ש: (צעטראָגן) אוועק נאָך פורן און עפּעס ניטאָ...

ס אָ ר ק ע: מע זאָל זיך דאָ וואָרפן מיט אונדז?!

ז א ל מ ע נ: וואָס זײַנען מיר דאָס, אָנגעבעטענע? עס פאַרדריסט. אפי-לע א פייגעלע האָט דאָך אויך א האַרץ.

מ ו י ש ע: (באַרויקט עזרען) דו זײַ קאַלט, ווי א שטשאַוועל... מען וועט זיך דורכשרײַען און ס׳וועט ווערן ווײַטער גוט.

ע ז ר ע: ס׳איז מיר א וויסטער ביזאָיען... אומעטום האָב איך זיך גע-גרייסט מיט אײַך. „איך און מײַנע כעווריע”... „ביראָבידזשאַן וועט מיט אונדז קלינגען”... און דאָ האָט מען מיך אזוי פײַן אַרויסגעשטעלט, אז מען דאַרף גאָר ניט בעסער... (בייז) „אָנגעבעטענע”. אז איך בינ געקומען פון דער רויטער אַרמיי, האָט מען זיך בא מיר געבעטן „בלײַב אַרבעטן אינ דער מיל”... צוליב וואָס זײַנען מיר געפאָרן אהער: ניט אַרבעטן? ניט בויען? וו איז גערשן?

א ל ט ע ר: (פרייליך דורכ טרערן) גוט אזוי... גוט אזוי... רײַב זיי אָן א מאָרדע! איר קוקט אפ דעם מעשוגענעם אפ מײַנעם?!

ג ע ר ש נ: דאָ. דאָ בינ איך. קאַלט ווי א שטשאַוועל, א מוישע?

ע ז ר ע: איר האָט דאָך געשריען: „מײַנ כיילעק האָרעוואַניע אינ ביראָ-בידזשאַן וועל איך קיינעם ניט אָפּגעבן”.

ג ע ר ש נ: שאַ, ברודער. נו, איז וואָס?

ע ז ר ע: וואָס שווײַגט איר איצט?

ג ע ר ש נ: וואָס איז די מעניע? דאַווײַ אַרבעט! רוונ, קום אהער! קײַנ ביקס פאַרגעסט מען ניט, דו שנעק! ביסט נאָך קײַנ סאָלדאַט נישט געווען... (צו עזרען), נא דיר נאָך א פּאָר פּלייצעס. לייג! און ווו איז כאַווע? קינדער, גיט דאָרטן א שיק אהער די קאָמסאָמאָלקע מײַנע... (כאַווע קומט ארויס) וועט נאָך אויך צונוצ קומען, הא? קוקט ניט, וואָס זי איז שוין בא מיר ניט אזוי... יונג. זי דאַרף נאָר אונטערקירצן א קאַפּעלע דאָס קליידעלע און אַרײַנשטעלן א גאָלדענעם צאָן, ווערט זי א קראַסאַוויצע...

כ א ו ע: שטום! אלטער זוילעלווערסויורעניק.

(פ'וערט א געלעכטער)

ע ז ר ע: (גיט אלטערן א פאק) העלפט! גדאליע, דער פאראכאָד שוינ אוועק? (עס דערהערט זיך א ווייטער פייפ) פו, ווי א שטיינ אראָפ פונ הארצנ. רוונ, אלע דאָ?

ר ו ו נ: אווראָם דער לאנגער פעלט... פורמאנ מיט די שוועסטער ביטאָ.

פ ע ש ע: אוי, א בראָכ צו מיר, עזרע! מיינ ביסל שמאלצ האָבנ זיי דאָכ אוועקגעפירט מיט זיכ.

ע ז ר ע: מאמע! הער אופ! וו איז ער? אָט דער אייערער?...

אל ט ע ר: דער פאָרזיצער? יערוכעם?

ע ז ר ע: אזא פאָרזיצער בא אייכ? די גאנצע וועג האָב איכ זיי געהיט און ער האָט מיר דרייַ פאמיליעס פארטריבנ (צו ריווען) בלוט אפנ באק?

ר י ו ע: כ'ווייס גאָרניט. איכ בינ אזוי געלאָפנ אפנ פערד...

(דאָס קינד בא ריוועג אפ די הענט צעשרייַט זיכ)

ע ז ר ע: (פארוזקט עס) מיר וועלנ באלד קומענ אהיימ... (ער נעמט צו בא א יידענע א פאק און וארפט זיכ ארופ אפ דער פלייצע) רוונ, ווו איז רוונ?

ר ו ו נ: דאָ בינ איכ, דאָ.

ע ז ר ע: רוונ, גיב א קאָמאנדע! מיר וועלנ גייענ אינ קאָלכאָז...

# פערטער בילד

(פארנאכט. בא ביינעשנ אינ שטוב. ער ליגט אינעמ אָנטאָן, אינ צווייטנ צימער קלעפנ קינדער א מאקעט. מע הערט, ווי פראדל, רופט אינדרויסנ די בעהימע. זי גייט ארייַנ אינ שטוב.)

פ ר א ד ל: קינדער, דער טאטע שלאָפט!

כ יי ק ע: נו, שא, מאמינקע. מער ניט. אנ ערנ פיאָנעריש וואָרט.

פ ר א ד ל: זע, כ'זאָל מער ניט הערנ קיינ פיפס.

(פראדל הייבט אָנ אראָפשלעפנ ביינעשנ די שטיוול. ער כאפט זיכ אופ.)

ב יי נ ע ש: לאָז! כ'דארפ באלד גייענ.

פ ר א ד ל: האסטו א פרייַע מינוט, כאָ טו זיכ אויס, לייג זיכ אינ בעט, ווי א מענטש.

(ביינעש שפארט אָנ פארמוירעשכוירעט דעמ פאָנעמ אפ די הענט)

פ ר א ד ל: זעסט מיר אויס ווי א נעכטיקער. (ער ענטפערט ניט. זי פאָרעט זיכ באמ אויוונ.) וועסט זיכ א ביסל אטשוכענ פונ שלאָפ וועסטו גייג אָנשניידנ גראָז דער בעהיימע.

ב יי נ ע ש: (נאָכ א היפשער פאוזע) גוט. כ'וועל. (ער דערהערט די קינדער זינגענ, טאנצנ). וואָס איז פאר א טומל?

פ ר א ד ל: די קינדער שפילנ זיכ... די לערערקע ריווע האָט זיי ארויסגעגעבנ עפעס אנ ארבעט, קלעפנ.

ב יי נ ע ש: איז וואָס איז בא זיי די סימכע אזוי גרויס?

פ ר א ד ל: קינדער, — וואָס פעלט זיי?

ב יי נ ע ש: (בייז) וואָס פעלט זיי? זאָלן זיי גיין! ס'איז פאַראַן נאָך הײַזער...

פ ר א ד ל: ווילסט זיי אַרויסטרײַבן, טרײַב אַרויס. איך האָב ניט קײַן האַרץ אָפּ דעם.

ער גייט אַוועק איבער דער שטוב, געפינט אַ דאָלעטע; כײַקע קוקט אַרויס פון צימער.

ב יי נ ע ש: ווער האָט דיר געהייסן נעמען די דאָלעטע, אַ?

כ יַי ק ע: זע, מע טאָר גאָר ניט אָנרירן.

ב יי נ ע ש: (גייט אַרײַן צו די קינדער. מיטאַמאָל הערט אויף דער געזאַנג) דורכן טאָג נאָר מע שניצט, מע קלעפּט, אינזשעניערן גאַנצענע!

כ יַי ק ע: דאָס האָט אונדז די לערערקע געגעבן אויסקלעפּן דעם פּערספּעקטיוו-פּלאַן פון אונדזער קאָלווירט.

ב יי נ ע ש: דעם פּערספּעקטיוו-פּלאַן?

כ יַי ק ע: נו, יאָ. וויאַזוי אונדזער קאָלווירט וועט אויסזען אין פינף־צען יאָר אַרום.

ב יי נ ע ש: אין פינפ־צען יאָר אַרום... נו, און איצטער וואָס? קלעפּט אויס ווי ער זעט איצטער אויס. קלעפּט אויס אַזאַ מין בלוט-זויגער ווי יערוכעם.

ער גייט צו צו דעם מאַקעט. די קינדער קוקן אים נאָך. ער גיט אַ פּיק מיט אַ פינגער אין עפּעס אַ געבײַדע. עס ווערט אַ געשריי.

כ יַי ק ע: טאַטע, וואָס טוסטו?

ק ו י ל ע ס: דעם ראַדיאָ-אָוזעל אומגעוואָרפן.

די קינדער קוקן נאָך בייגעשעס יעדן קער, גרייט יעדע רעגע צוכאַפּן פון אים דעם מאַקעט.

כ יַי ק ע: טאַטינקע, טשעפּע מער ניט. אַ? מיר האָרעווען שוין אָפּ דעם צווייטן וואָכן צײַט. זעסטו, אָט דאָס איז דער אַמור, און אָט דאָס דער האַפן, וווּ עס וועלן זיך אָפּשטעלן שיפן נאָך טוווע, און דאָס וועט גיין אַ געברוקירטער וועג פון קאָלווירט.

א מ יי ד ע ל ע: און דאָס איז די ראַיאָנע עלעקטראָ-סטאַנציע, וואָס וועט געבן שײַן דעם גאַנצענעם אַרום.

כײַקע צעוויינט זיך.

ב יי נ ע ש: וואָס וויינסטו?

כ יַי ק ע: זע, ווער ווײַנט? די בעסטע געבײַדע בײַ אונדז געווען דער ראַדיאָ-אָוזעל.

ב יי נ ע ש: „דער ראַדיאָ-אָוזעל”, איר מאַכט, אַז באַנענע זאָלן לויפן... מען זאָל זען שטעט... (אומעטיק) אין פינפ צען יאָר אַרום. (הייבט אויף דעם קאָפּ, גיט אַ רוף אַ מיידעלע) ווי רופט מען דיך?

מיי ד ע ל ע: גיטל.

ב יי נ ע ש: (צו אַ ייִנגעלע) נו און דיך?

יי נ ג ע ל ע: מיך? מיך רופט מען בומע.

ב יי נ ע ש: וואָס עפּעס בומע?

ב ו מ ע: (צעלאַכט זיך): כ'ווייס, אָט אַזוי האָט מען מיר אַ נאָמען געגעבן.

ביינעש גייט אַרויס צו פראַדלען.

**פראדל:** גייסט נאָכ גראָז?

ער ענטפערט ניט. גייט ארויס פונ שטוב. פראדל בעזינט זיכ טרויעריק, ביילקע קומט אריינ מיט ביכער אונטערנ האנט.

**ביילקע:** (קוקט אנ די מוטער) וואָס, שוינ ווידער עפּעס?

**פראדל:** גאָר.

עס עפנט זיכ די טיר מיט א טראסק. פריער רוקט זיכ אריינ א פּאק, שפּעטער א יידענע מיט קינדער—טרייַנע...

**טרייַנע:** גו, קינדער, איצטער זייַנענ מיר שוינ אינדערהיים. יאנקעלע, טו זיכ אויס! (באטראכט באלעבאטיש די שטוב. יעדער ווינקל באזונדער. פראדל קוקט איר נאָכ, ווייסט ניט, וואָס צו זאָגנ).

**טרייַנע:** אָט דאָ נאָר א פאָרהענגל מאכנ, איז א צימערל פאר די קינדער... א קעלער איז בא אייַכ פאראנ?

**פראדל:** פאראנ.

**טרייַנע:** (ווייזט אָנ צווישנ אייערנ) ס'איז אפּ ציבעלעס הענגענ?

**פראדל:** יאָ, אפּ ציבעלעס.

**טרייַנע:** מענ זעט באלד, קיינ איינהאָרע, א באלעבאָסטע...

באטראכט ווידעראמאָל די צימערנ.

**טרייַנע:** איר פארקויפט ניט די שאפע?

**פראדל:** וואָס הייסט?

**טרייַנע:** וווהינ וועט איר זיכ שלעפּנ דערמיט? איכ'ל אייַכ זאָגנ דעם עמעס: אינ באגאוש גייט מיט אלצדינג... נאָר גאָרנישט... ס'געפעלט מיר! ניט קיינ מיעסע שאפע.

**פראדל:** פארקויפנ גאָר? ס'האָט מיכ נאָכ דערווייַל ניט צוגעקוועטשט, איכ זאָל דארפנ עפּעס פארקויפנ פונ שטוב.

**טרייַנע:** איכ'ל אייַכ זאָגנ דעם עמעס: אינ וועג, אז מע האָט אנ איבעריקנ גראָשנ...

**פראדל:** איכ פארשטיי ניט.

ביינעש גייט אריינ. פראדל קוקט אפּ אימ אונ ער אפּ איר.

**טרייַנע:** כ'זע איר האָט האָלט לאכנ? געזונטערהייט. וואָס איז שייַ־ עכ... א געניוטער שידעכ איז קיינ שידעכ ניט. מייַנ מאנ וועט באלד קומענ, וועט ער אייַכ העלפנ ארויסטראָגנ די זאכנ... וואָס מיינט איר, ס'איז עפּעס אזוי פריאטנע זיכ אריינקלייַבנ אינ א שטוב, פונוואנענ מע פאָרט אוועק? איר האָט זי נאָכ, מיסטאָמע, אליינ געסטרויעט? אזוי איז דאָס... א מענטשנ, אז עס גיט א קוועטש צו, ווארפט ער קיניענ מיט מיניענ. וואָס מיינט איר, מיר דאָרטנ, אפּ דער איקראינע, זייַנענ, כאָלילע, אומגעגאנגענ אינ שכיינעס?

**ביינעש:** וואָס איז, א? וואָס איז פאר א שכיינעס?

**טרייַנע:** כ'ל אייַכ זאָגנ דעם עמעס: איכ אליינ האָב אויכ פייַנט שכיינים. א טרוקנ שטיקל ברויט עסנ, נאָר זייַנ אליינ. (זי נעמט פונאנדער די פּעק, צעלייגט זיכ, אונ דערזעט ביינעשעס צעטראָגנקייט) נישקאָשע... נישקאָשע, האָט קיינ הארצ־ווייטעק, נאָכ א שאָ, נאָכ צוויי. כ'ל דאָ בלייַבנ אליינ אינ שטוב, וועל איכ זיכ ערשט ארומזענ. וואָס זאָל איכ אייַכ זאָגנ: מע קענ אמאָל א טאָעס האָבנ אינ א מענטשנ. כ'האָב אימ דערזענ, ווי הייסט ער, אָט דעם יערוכעמענ,

נו, אָט דעמ פּאָרזיצער, חאָב איכ געמיינט — א גאזלענ איז דאָס, ניט קײנ מענטש. ערשט נישקאָשע. „גײט, זאָגט ער, וועל איכ אײַכ געבנ א דירע, שוינ איינמאָל א דירע”. ס׳הייסט, מאָרגנ דארפט איר נאָר אוועקפאָרנ. אונ ער האָט מיכ צוגעפירט צומ שטוב.

בײנעש: וואָס! ווער האָט אײַכ געשיקט, יערוכעמ?

טרײַנע: נו, יע. אָט דער, וואָס רעדט עפּעס אזוי מאָדנע, ווי א רוסישער...

פּראדל: ער האָט, מיסטאמע, א טאָעס געהאט... מיר קלײַבנ זיכ אינ ערגעצ ניט פאָרנ.

טרײַנע: איכ ווייס ניט. אזוי האָט ער מיר געזאָגט. איכ האָב פײַנט, אז מע גלויבט מיר ניט.

בײנעש: אזוי?! הייסט עס, בײנעש פּעקל זיכ צונויפ! ביסט שוינ דאָ אנ איבעריקער, א, בײנעש?!

פּראדל: שא. טומל זיכ ניט! איכ וועל צוגיינ צו יערוכעמענ.

בײנעש: פּראדל, לאָז!

פּראדל: מעשוגענער דו, דארפ מענ זיכ אזוי נעמענ צומ הארצנ? כ׳וועל צוגיינ, מיסטאָמע, איז דאָ עפּעס ניט אזוי...

בײנעש: גיינ. צו יערוכעמענ וועל איכ גיינ!

גייט אוועק. פּראדל ווארפט ארופ אפ זיכ א טיכל, ווילּ אויכ גיינ.

ביילקע: גיי ניט, מאמע, ער וועט קומענ אליינ.

עזרע גייט ארײַנ.

עזרע: ווו איז דער כ׳ בײנעש? מע דארפ גיינ אפ דער קאָלווירטישער פארזאמלונג... (קיינער ענטפערט ניט. ער דערזעט טרײַנענ מיט די פּעק) ווי קומט איר אהער?

דיווע: (קומט אָנ) וואָס איז דאָ געשענ? בײנעש לויפט אומ עפּעס א צעקאָכטער אונ זוכט יערוכעמענ.

פּראדל: איכ פארשטיי ניט... עפּעס עמעצער האָט איר ארײַנגעשיקט. זאָל זײַנ יערוכעמ? קלוימערש מיר פאָרנ אוועק.

עזרע: אָט, ווועמענס איז ארבעט! קומט, טרײַנע!

טרײַנע: איכ׳ל אינ ערגעצ ניט גיינ. מע האָט מיר געשיקט פארנעמענ די דירע אונ מער ווילּ איכ פונ גאָרניט וויסנ.

דיווע: וואָס הייסט זיי וועלנ אוועקפאָרנ, ווענ דער כ׳ עזרע פאָרט נאָכ דער פארזאמלונג אוועק אינ געגנט וועגנ דער בויונג?

עזרע: וואָס פאר א פארנעמענ די דירע? מענטשנ וווינענ דאָכ דאָ אזויפיל יאָרנ... (טרײַנע שווײַגט) מיר וועלנ אײַכ געפינענ ווו צו זײַנ...

טרײַנע: מע האָט מיכ געשיקט פארנעמענ די דירע... (הויבט אָנ וויינענ) בלוט-צאפּער, וואָס האָט איר צו מיר... כ׳וועל שרײַענ גוואלד... כ׳וועל זיכ א מיסע אָנטאָנ... גוואלד! ראטעוועט!

די קינדער לויפנ ארויס. דיווע בארויִקט זיי, שיקט זיי ארײַנ צוריק אינ צימער.

עזרע: טרײַנע, מאכט ניט קײנ שטיק. ווער-ווער — איכ קענ דאָכ אײַכ...

זי נעמט רײַסנ די קליידער אפ זיכ. עזרע נעמט איר אָנ פאר די הענט. דיווע לויפט צו צו איר.

ר י ו ע: לאָז איר אָפּ! נארעשער דו, אַפּ וואָס דו פאטערסט דעם גע-זונט?

ע ז ר ע: אז דו ווייסט ניט, וואָס איך בין פון איר אויסגעשטאנען א גאנצע וועג.

ריווע פארשפיליעט אים דאָס העמדל.

ר י ו ע: אזא געזונטער, און ווי עס קלאפט דאָס הארץ. קום, קום!

גייענדיק, נעמט עזרע טרעגערס פעק. ריווע אירע קינדער.

ט ר יַ נ ע: (נאָך ניט וויינענדיק) א בּיראָבּידזשאנ! איר האָט שוין, מיסטאָמע, עמעצן א בילכערן אָפּגעגעבן די דירע. איר מיינט, כ׳פארשטיי ניט.

ר י ו ע: (צו פראדלען) איר זאָלט באלד קומען אַפּ דער פארזאמלונג.

פ ר א ד ל: גוט, גוט...

פראדל ווארפט אָפּ זיך אויף דאָס טיכל, קוקט אין פענצטער, לאָזט זיך צום טיר. ביינעש גייט אריין.

ב יי נ ע ש, געגנגו! אָט איצטער איז געקומען די צייט.

רייסט אראָפּ די פאָרהאנגען פון די פענצטער, שלעפּט ארויס די קוישן פון אונטערן בעט, די שופלאָדן, הייבט זיך אָן פּאקעווען. פראדל קוקט און זעצט זיך אוועק. די פרעמדע קינדער צעגייען זיך שטיליקערהייט, די אייגענע קיקן אַפּ דער טאטען מיט א פראגע אין די אויגן, זי גיט זיי א ווינק: זיי זאָלן זיך צעגיין.

ב יי נ ע ש: ניטאָ וואוהין צו גיין. מע דארף זיך קלייבן אין וועג.

די קינדער קוקן אַפּ דער מוטער.

פ ר א ד ל: אז דער טאטע הייסט ניט, דארף מען ניט.

ב יי נ ע ש: פריער, אז מיר האָבן אויסגעבויט א שטיבל אין דער טיי-גע, איז דאָס געווען א גרויסע זאך. „א בייסהאמיקדעש" האָט מען געשריען. מיר האָבן זיך ערשט געלערנט א האַק האלטן אין האנט (פראדל שווייגט, ער פאר-קעוועט זיך). דו זיצ ניט! זיצ ניט, אז מיר גייט בלוט פון מיינע אויגן.

בערעלע געוויינט זיך.

פ ר א ד ל: (טוליעט דאָס קינד) שא, נארישער, וואָס וויינסטו?

ב יי נ ע ש: אויס. אין דער ערד... אין אויסרייסעניש... נאָר אבי ניט זיין דאָ...

פ ר א ד ל: ביינעש, וואָס רעדסטו?

ב יי נ ע ש: פארוואָס בּיסטו אזוי רויק, ווען אין מיר ציטערט יעדער אייוער?

פ ר א ד ל: וואָס איז די היצ? יערוכעם וועט קומען, וועלן מיר וויסן. און עפשער האָסטו טאקע א פלאפל געטאָן, אז די פאָרסט אוועק, גייסט דאָך אום, ברקומט...

ב יי נ ע ש: אז מע זאָל יערוכעמען לאָזן אזא לאנגע צייט באלעבאטע-ווען אין קאָלווירט. האָסט דאָך געשריבן ניט דעם לערערקע אין געגנט: האָסט עפּעס אַן ענטפער, הא?

פ ר א ד ל: ווייסט דאָך!

ב יי נ ע ש: וואָס? מע הויבט עפּעס אָן בויען? מע שיקט צו א נייעם פאָרזיצער?

פ ר א ד ל: עס פאָרט צו אונדז א באפולמעכטיקטער פון אויספירקאָם.

ב יי נ ע ש: אפ אָפּצועסן א ווארמעס?

פ ר א ד ל: גלויבסט שוין גאָר קיינעם ניט. וואָלט דאָס געזאָגט כאָטש אן אנדערער, וואָס האָט קיין זאך ניט. דו אָבער: א שטוב, א באלעבאטיש־קייט, גוטע קינדער... דו רעדסט אויך?

ב יי נ ע ש: אָ, אָט דאָס איז די צאָרע: פארוואָס האָב איך און פאר־וואָס האָט ניט יענער? פארוואָס האָב איך א שטוב מיט א גאָרטן מיט א בעהיימע און ס׳איז מיר ריין און ליכטיק, און גייסט אריין צו א שאָכן—א׳ז ווי אין א געהענעם. ניט מע ארבעט, ניט מע עסט... מע זאָל מ י ך טרייבן פון קאָלכאָז?!

פ ר א ד ל: כ׳זע: דיר איז שוין אָנגעקומען די גוטע מינוט, פארביטער־סטו דאָס לעבן אי מיר, אי די קינדער...

ב יי נ ע ש: די קינדער... (שווייגט צו) אוי, ווען איך בין איצטער יינגער אפ צוואנציק־דרייסיק יאָר... איך וואָלט אויך געקלעפּט צאצקעס, ווי זיי וועגן דעם, וואָס מאָרגן וועט זיין. איך בין דאָך אָבער שוין ניט קיין יינגעלע. איך קען ניט אזוי... וויפל וועל איך דאָס נאָך לעבן? נו, נאָך פינף יאָר. נאָך צען יאָר. וויל איך לעבן! איצטער וויל איך! איך קען מער ניט ווארט.

פ ר א ד ל: מע דארף גיין דערלאנגען גראָז דער בעהיימע.

ב יי נ ע ש: האָסט ניט וואָס צו געבן. כ׳האָב זי אָפּגעפירט אין קאָל־ווירט.

פ ר א ד ל: ווי?

ב יי נ ע ש: מיט זיך דארף איך זי ניט.

פ ר א ד ל: לאָזט דאָך איבער א ווייב, קינדער.

ב יי נ ע ש: וואָס?

פ ר א ד ל: איך וועל אינערגעץ ניט פאָרן.

ב יי נ ע ש: נו, און איך? עפּשער זאָל איך אויך ניט פאָרן, א? עפּ־שער זאָל איך גיין צו יערוכעמען. (נעמט אראָפּ דאָס היטל) פאזשאלעסטע, פּא־גיע יערוכעמ, גיט מיר א ווינקעלע, ווו איך זאָל קענען מיין קאָפּ אוועק־לייגן.

פ ר א ד ל: איך פאָר ניט.

ב יי נ ע ש: וואָס הייסט, דו פאָרסט ניט?

פ ר א ד ל: ביינעש...

ב יי נ ע ש: דו לאָז, דו לאָז מיר! נו, גוט. איך בין א מעשוגענער, איך האָב זיך אָנגעטראכט. אָבער... ווי איז דאָס, א? אז איך פאָר... א׳ז וואָס הייסט? ווארט, איך פארשטיי ניט..

פ ר א ד ל: ס׳איז אסאך צו ריידן... איך קען פונדאנען ניט אָפּפאָרן.

ב יי נ ע ש: ווארט א ווײַלע..ביסט מיר, הייסט עס, שוין גאָר גאָר־ניט? איך האָב, הייסט עס, גאָר מיט דיר קיין קינדער ניט געהאט (פראדל שווייגט). איז בא דיר ביראָבידזשאנ טייערער פון דעם מאן, הא? פון די קינ־דער? ווארט. ווארט. ס׳קען ניט זיין. די שטוב דרייט זיך מיר פאר די אויגן. פראדל, וואָס זאָגסטו, א?

פ ר א ד ל: אפן טיש שטייט א וועטשערע. גיי עס אָפּ! און מע דארף גיין צו דער פארזאמלונג.

ב יי נ ע ש: עס זאָל מיר געווען איינפאלן. נו גוט. מיר האָט ביראָ־

בידזשאַן צוגעבונדן און איך פּאַכע מיט דער נעשאָמע. אָבער וואָס דו? דו ביסט דאָך געווען אַלעמאָל א שטיל ווײַבל, געהאַט אינזינען אָפּקאָכן דעם מאַן וואַרמעס, דערלאַנגען אים צום טיש, ווען ער קומט אַן אָנגעפּראָרענער פון וועג. נו, האָבן גוטע קינדער... עפּשער בין איך דיר געווען א שלעכ-טער מאַן? ניט געבראָכן מיטן נאָז די ערד, קעדיי דיר ברענגען אָפּ דער הויצאָע? עפּשער האָב איך געהאַט אינזינען נארישקייטן ווי אַנדערע מענער? שוויַיגסטו, א? ביסט געוואָרן א גרויסער מענטש... פּאָרסט אום אָפּ די סיעזדן... נו, וועל איך פרעגן די קינדער. בערעלע, ווערסטו פאָרן מיטן טאַטן אהיים? (דאָס קינד שווייגט) ווילסט ניט. נו, דו בייקע? (וואַרט) די שול וועט דיר ניט אָפּלאָזן. (צו ביילקען) און דו האָסט דאָך מיר שוין לאַנג אָפּגעזאָגט... קיינער ניט? פּונקט יאָר אָפּגעלעבט מיט א ווײַב... איז, הייסט עס, אויס? איז בא איַיך ביראָבידזשאַן טײַערער? איז ארויס פון שטוב! נאָט אײַך אַלץ! (וואַרפט די זאַכן) און גייט. כ׳זאָל אײַער פּאָנעם מער ניט אָנקוקן!

פ ר א ד ל: דו טרײַבסט? וועלן מיר גיין, קינדער.

ב יי נ ע ש: (פאַרלייפט איר דעם וועג) ניין. איך וועל גיין. איך בין א פרײַער פויגל געוואָרן. וווהין איך וועל ניט קומען, וועט מען מיך לאָזן איי-בערנעכטיקן. צוליב וואָס דאַרף איך דאָס, א שטוב, א גוטס?...אויס, אַלץ אויס...אין דער ערד מיטן קאָפּ...אַנטלויפן! אַנטלויפן פון דאַנען!

לויפט ארויס.

## זעקסטע בילד

אין קאָלווירט. די בויונג פון דער גוילכ־פערמע. אָפּן פאַנ־א גאַס. נײַע, ערשט פאַרלייגטע פונדאַמענטן פון הײַזער, ערשטערווײַז הויפּש־אויסגעוואַקסענע בויונגען. צווישן די בויער־שײַקעס כעווריע. אָפּן פאָדער־גרונט די שטוב פון דער פּאַרוואַלטונג.

פ ײַ װ ל: (קלאַפנדיק שינדל אָפּ א דאַך) פרויעם!

פ ר ו י ע ם: (פון א צווייטן דאַך) נו, איך הער!

פ ײַ װ ל: דו ווייסט, וואָס איך זע פון דער הויך?

פ ר ו י ע ם: אַז מע פירט אוואַדע צו אונדז אין קאָלווירט נײַע טראַק-טאָרן.

פ ײַ װ ל: ניין.

פ ר ו י ע ם: אָט האָסטו דיר! דאָס ערשטע מאָל, אַז איך זאָל ניט טרעפן.

פ ײַ װ ל: דעם קלײנעם כינגאַן זע איך. קוימענס הויכע פון זאַוואָדן רויכערן זיך דאָרטן. און אָנאָ, צווישן די בערג, לויפט א באַן און פײַפט און פײַפט. ס׳איז דער סעמאַפאָר פאַרמאַכט. (פּאַוזע) ס׳איז אַזוי גוט צו זיצן אָפּן דאַך, אָפּן הוינט, קלאַפּן שינדל, און טראַכטן וואָס מאָרגן וועט זײַן.

פ ר ו י ע ם: ס׳וועלן נאָך דורכלויפן היפּשע מאָרגנס...ביזוואַנען דאָ זאָלן זיך רויכערן זאַוואָדן.

פ ײַ װ ל: א יאָר, צוויי.

פ ר ו י ע ם: עפּשער, ביסטו גערעכט.

פּאַוזע, מע אַרבעט

א באָכער: (פֿון א צווייטנ ווינקל) פּרויעם! א פּרויעם!

פּרויעם: אָט אנ אומגליק. מע לאָזט ניט ענדיקנ די ארבעט.

א באָכער: ווער לאָזט דיכ ניט?! איכ האָב דיכ געוואָלט עפּעס פרעגנ. דײַנ סאטע, פּרויעם, איז געווענ א בויער?

פּרויעם: וואָס איז?

דער באָכער: כ׳זע: בא דיר גייט עפּעס אווי׳גרינג די ארבעט.

פּרויעם: אוווא! געווענ א גוואלדאָוונער בויער.

באָכער: וואָס? וואָס האָט ער געבויט?

פּרויעם: יעדנ יאָר האָט ער געבויט א סוקע. נאָר וואָס איז ער שולדיק, אז עס פלעג אימ יעדנ מאָל נאָכדעמ אָנגעשוואָלנ ווערנ אלע פינ- גער? אזא בלוט שוינ...

מע צעלאכט זיכ.

באָכער: אונ אכ האָב געמיינט אפ אנ עמעס: געווענ א בויער.

מע קלינגט וואָרפֿנ די ארבעט. עס ווערט א הוהא, א שפּרינגע- רײַ, שײַקע קומט. כעוורע ארומ אימ.

פּרויעם: איכ, שײַקע, האָב מײַנ וואָרט אויסגעפילט. טו א קוק! א האלבער דאכ געמאכט.

שײַקע: נו, אונ דו, נאָכעמ?

פײַוול: באהאלט זיכ דאָרטנ ניט, נאָכעמ!

נאָכעמ: אז ווי נאָר מ׳האָט אָנגעהויבנ גראָבנ דעמ פונדאמענט, האָט א שפּאר געטאָנ וואסער...

שײַקע: (פריילעכ) א דערלויבעניש האָט בא דיר די וואסער געבעטנ?

נאָכעמ: ווי? ווער זאָל בעטנ?

שײַקע: די וואסער, נו!

באָכער: ניט געבעטנ. איכ בינ אנ איידעס—ניט געבעטנ!

שײַקע: פארשטעקנ! עס זאָל מער קײַנ וואסער ניט גיינ.

נאָכעמ: (פריילעכ) געהערט, פארשטעקנ! עס זאָל מער קײַנ וואָ- סער ניט גיינ.

שײַקע: אונ אפ ווײַטער טאָמער א סטיכייע...זאָל מענ קומענ פרעגנ בא מיר. אָנ מײַנ דערלויבעניש ניט ארויסלאָזנ די סטיכייע. וואָס איז עפּעס העפקער א וועלט?

ס׳ווערט א געלעכטער. אלטער קומט ארויס פונ דער פאר- וואלטונג.

אלטער: קינדער, מ׳איז אָנגעקומענ מיטנ וואסער נאָכ א פּליט מיט געהילצ, האָט עזרע געבעטנ איר זאָלט גיינ העלפנ ארויסקײַקלענ.

שײַקע: שוינ, נאָכעמ, פּרויעם, אונ רייקעס—איר גייט פארענדיקנ דרעשנ דעמ ווייצ. אז מע הויבט אָנ אנ ארבעט, דארפ מענ זי דערפירנ ביז צומ סאָפ.

אלטער: פארנ געהילצ, ברודערל, לאָז עמעצנ! וואָרעמ ס׳האָט דאָכ שוינ איינמאָל אָפּגעריסנ א פּליט אונ אוועקגעלאָזט מיטנ וואסער, אז מע האָט אימ קוימ אָפּגענומענ אפ יענעמ זײַט...אדאנק דער זאסטאווע.

שײַקע: פײַוול, כ׳ וואָלפסאָנ אונ אייזער — איר וועט גיינ קײַקלענ די קלעצער. אָפּגערעדט? אלצ קלאָר? איז פארויכערט אונ אוועקגע- גאנגענ.

רייקעס: שײַקע, לאָז ליגנ נאָכ א פּאָר מינוט—עס ברעכט אזוי דער רוקנ פארנ טאָג אונ דאָ דארפ מענ נאָכ אפּ א נאכט גײנ דרעשנ.

פּרויעמ: (צו שײַקענ) זשאלאָב ניע פּרינימאַט!

שײַקע מאכט א באַוועגונג מיט די הענט „זעטש דאָכ, ער הײסט ניט". וואָס בינ איכ שולדיק.

אַלטער: גאָט זאָל אײַכ געבנ געזונט, קינדער. זינט איר זײַט געקומענ איז גאָר פרײַלעכער געוואָרנ ... מע פּאָרט, מע טוט...די הענט זײַנענ דאָכ באַ אונדז געווענ פארקליאקעט פונ גאָרנישט טאָנ. זומער האָט מענ זיכ נאָכ ווי ניט איז דורכגעוואָרפנ אונ ווינטער פלעג מענ זיכ אוועקזעצנ אינ די הײַזער, באַמ אויוונ, אונ מע פלעגט אזוי זיצנ אונ טראכטנ: „וואָס וועט דאָס זײַנ! בויענ בויט מענ ניט...אינ טאָג טוט מענ ניט...אינ קײַנ אכזיעס איז צווישנ די מענטשנ ניטאָ". דרײַ יאָר צײַט איז מענ דאָכ אזוי אָפּגעזעסנ.

עס גײענ פונ פּעלד: ראָכל, דווירע, ריווע

דווירע: איר גײט דרעשנ? אונ מיר האָבנ הײַנט געוואָלט גאָר א הוליע טאָג, מיר האָבנ דאָכ שוינ פארענדיקט אונדזער ארבעט.

נאָכעמ: מיר וועלנ הײַנט מאכנ אפּ גיכ. איר גײט טוט זיכ אָנ.

די מײדלעך אוועק.

די כעווורע שטעלנ זיכ אויס אינ א ריי. אינטער פּרויעמס קאָמאַנדע, אונטער דעמ שפּילנ פונעמ קלוימערשטיקנ „אָרקעסטער"—מיט די מײדלעד—ווײַל מענ אוועק..נאָכעמ פארהאלט זיי.

נאָכעמ: אינ הונדערט יאָר ארומ, כאווײרימ, אז מע וועט שרײַבנ די געשיכטע פונ ביראָבידזשאנ, וועט מענ וועגנ אונדז שרײַבנ אזוי: זיי האָבנ געברענגט מיט א פײַער פונ ענטוזיאזמ צו דער ארבעט... מאר צווײַכאדאָשעמדיקע קורטנ זײַנענ זיי געוואָרנ טעסלער אונ האָבנ גענומענ בויענ גרויסע הײַזער... באטאָג האָבנ זיי צונויפגעלייגט פונ קלעצער ווענט אונ באנאכט, נאָכ א גרויסנ זומערדיקנ טאָג ארבעט, באַ דער בויונג, זײַנענ זיי געגאנגענ דרעשנ דעמ ביראָבידזשאנער, ייִדישנ ווייצ...

שײַקע גיט א וווּנק: „נאָכעמ, גענוג". דער „אָרקעסטער" גיט א פּויק א מארש אונ מע גײט אוועק. נאָר שײַקע בלײַבט. זאלמענ קומט צוגײנ.

זאלמענ: עזרע דאָ ניטאָ?

שײַקע: (הינגעריק אפ דער פּאָרווארטונג) עס איז געקומענ א כאווער פונ געגנטקאָמ פונ פּארטײַ, איז ער מיט אימ פּארנומענ.

זאלמענ: וואָס איז געקומענ דער כאווער?

שײַקע: וועגנ ווי עס גײט די ארבעט. עפּשער קענ מענ נאָכ איבערוואנדערער אויפנעמענ.

זאלמענ: מע מוז נאָכ מענטשנ, ווי לעבנ אפּ דער וועלט. איכ גײ טאקע וועגנ דעמ צו עזרענ. (קוקט ארײַנ אינ פענצטער) „כ, עזרע"

עזרע: (פונ פענצטער) באלד. איכ האָב אוועקגעשיקט נאָכ א מענטשנ.

זאלמענ: די דריטע נאכט, אז איכ בינ באַמ ווייצ. ניטאָ וועמענ איבערצולאָזנ.

שײַקע: (צו עזרען) די באַראַטונג האָבן מיר באַלד?

עזרע: מיר וואַרטן אַפן נאַטשאַלניק. ער איז שוין דאָ געווען. נאָר מע האָט אים פּלוצעם אַרויסגערופן פון זאַסטאַווע.

שײַקע: וואָס איז געשען?

עזרע: (שמייכלט) „אַפן גרענעץ, זאָגט ער, פרעגט מען ניט, וואָס איז געשען?"

עס דערהערט זיך א געיאָמער. ס'איז טרײַנע. עזרע לויפט אַרויס.

עזרע: וואָס איז?

טרײַנע: איך בין אַרײַן צו פּינסקין... ערשט ער ליגט בא אים אויסגעצויגן, ווי א גראַפּ אַפן בעט... אויסגעצויגן זאָל ער ליגן אַפ דער ערד...

שײַקע: ווער?

טרײַנע: דער „אָדעסער" מאַמזער... דערוואָרגן און דערשטיקט זאָל ער ווערן.

זאַלמען: א, בענטשיק...

טרײַנע: „עזרע, זאָג איך, האָט דיך גערופן גיין אַרבעטן". נעמט ער און שפּײַט מיר אָן א פולן פּאָנעם... (צעוויינט זיך) איך פרעג בא אײַך, האָט מיר געקומט אָנשפּײַען? איך האָב אים געזידלט? געזאָגט א שלעכט וואָרט?

עזרע: זאַלמען, גייט אַרײַן צו אים!

זאַלמען: און אז ער וועט ניט וועלן גיין?

עזרע: זאָל ער מיטן ערשטן פּאַראַכאָד זיך אָפּטראָגן פונדאַנען! אַזא געזונטער בייבאַק! קנאַפּ איז דאָס, וואָס ער טוט אַליין גאָרנישט, רעדט ער נאָך יענעם אָפּ...

זאַלמען גייט אַוועק.

עזרע: (צו טרײַנען) גיט מיר א רוף פּראַדלען!

טרײַנע: צו פּראַדלען וועל איך ניט גיין.

עזרע: וואָס הייסט, איר וועט ניט גיין? פון וועמען לערנט איר זיך דאָס!

טרײַנע: אז איך האָב איר אויגן צאָרעס אָנגעטאָן...

עזרע: אָט וואָס...

טרײַנע: נאָר מע שרײַט אַפ מיר... וואָסי... איך טו ניט, וואָס מע הייסט מיר?!

שײַקע: דאַרפסטו גוויטיק פּראַדלען? איך קען א רוף טאָן.

טרײַנע: איך גיי א היים, וועל איך איר מיט עמעצן צושיקן.

גייט אַוועק

שײַקע: מע דאַרף, אז א וואַך זאָל, ווי נאָר אָוונט, אומגיין איבערן דאָרף.

עזרע: הײַנט וועט שוין זײַן...

שײַקע: וואָס זאָגט דער נאַטשאַלניק וועגן דער מײַסע מיטן פּליט?

עזרע: „ס'איז דאָ, זאָגט ער, א כעווראַ, וואָס וואָלטן אונדז וועלן אומברענגען"... נאָר הייסט זײַן רויִק.

שײַקע: די דרעש-מאַשין, זעט אויס, האָבן זיי אויך קאַליע געמאַכט.

עזרע: ווײַזט אויס... (פּאַוזע) קלינג אָן אין זאַסטאַווע צום נאַטשאַלניק, ווען קומט ער?

שײַקע אָפּ. עס קומט פּראַדל.

עזרע: די לעצטע צײַט, איז ווי נאָך דער ארבעט, זעט מען אײַך עפּעס ניט...

פראדל: (מיט א ביטערן שמייכל) איך האָב זיך אָנגעהויבן לערנען צוריק ווערן א שטובּיקע ווײַבל...

עזרע: וואָס זיפצעט איר?

פראדל: וואָס האָב איך וואָס צו זיפצן? ס׳איז מער ניט; איך גיי זיך אָט אומעטום; דאָ געהילצ אָנגעפּירט, דאָ ליגט מען אראָפּ ציגל. טראַכט איך מיר: „א מענטשן, זעט אויס, קען ניט זײַן מיטאמאָל גאָר גוט"...

עזרע: עס וועט נאָך זײַן בעסער פון גוט! ביינעש וועט קומען צוריק.

פראדל זעצט זיך אוועק.

פראדל: (פּאוזע) איר ווייסט, הײַנט איז מיר געוואָרן זעקס און דרײַסיק יאָר. איך בין געגאנגען צו ריווען... עפּעס האָט זיך מיר געוואָלט הײַנט אביסל ריידן מיט איר, דערציילן... איז זי אוועק ערגעץ מיט די קינדער... (פּאוזע, פאַרטראַכט זיך). איך דערמאָן זיך. איך בין געווען אַן אָרעם מיידל, געוואָלט עפּעס טאָן, נאָר צו זײַן א שנײַדערקע האָט מיך ניט געצויגן. זיך געוואָלט לערנען. האָב איך ניט געהאַט פון וואַנען... איך האָב זיך באַקאָנט מיט א באָכער... ער איז געווען א גאַרבער... א גוטער באָכער. ער האָט מיך געפירט אין פאַרזאַמלונגען... ער האָט מיך געלערנט א ביכל לייענען... האָט מען ניט דערלאָזט... אים פאַרשיקט... און מיך האָט ער איײַנגעבראָכן. נאָכדעם... האָב איך חתונה געהאַט... עס זײַנען באַפאַלן מיך קינדער... און איך האָב אַפּ אלץ א מאָל געטאָן מיט דער האַנט... (זי שטייט אויף) און אַצינד... דאָ אין ביראָבּידזשאַן, אין דער ווילדעניש, וווּ איך האָב דערוויסט נאָר הימל מיט ערד, האָט מיך ווידער א צי געטאָן צום לעבן, ווי מיט יאָרן צוריק, איך האָב אָנגעהויבן ארבעטן... איך בין דאָ ווי מע זאָגט, א מענטש געוואָרן... וואָס בין איך ביז ביראָבּידזשאַן געווען?

עזרע: דאַרף מען ווייגען?

פראדל: ניין. ווען איר ווייסט, די מומע מײַנע עסט מיך, אזוי ווי מע עסט ברויט: „פאַרוואָס כ׳בין דאָ געבליבן אָן ביינעשן?" און גאָר די קינדער מײַנע פריער זײַנען זיי, דאַכט זיך, געווען אלע פאַר מיר. איצט רײַסן זיי פון מיר שטיקער „וווּ איז דער טאַטע?"

עזרע: הערט אויף, פראדל!

פראדל: (שמייכלט) ס׳פּאַסט נאָך, זאָגט, אז מע זאָל דערזען, ווי דער „גרויסער מענטש" וויינט...

זאַלמען קומט.

עזרע: (צו פראדלען) גוט! דער באָוער פון געגנטקאָם וויל מיט אײַך א שמועס טאָן.

פראדל גייט אוועק אין פאָרהאַלטונג

עזרע: (צו זאַלמענען) נו?

זאַלמען: ער וויל ניט גיין.

עזרע: וואָס זאָגט ער?

זאַלמען: א ווידוויזשעניע, זאָגט ער, וויל ער, אניט גייט ער ניט...

עזרע: וואָס? א ווידוויזשעניע? (באַלאַכט זיך) גיי זאָג אים, אז איך וועל אים געבן א ווידוויזשעניע. זאָל ער קומען.

זאַלמען חיל אוועקגיין

עזרע: וואָס גייט איר דאָס אדומגעבונדן?

ז א ל מ ע נ: כ׳ווייס זייער!

ע ז ר ע: עס טוט ווי עפּעס?

ז א ל מ ע נ: ניין. (און א ביסעלע פארשעמט) דער רויטער, א ברענ איז אים! האָט זיך אײַנגעדרייט אין די ווישקעס, האָב איך זיי געוואָלט ארויס-שלעפּן...

ע ז ר ע: האָט ער אײַך געגעבנ א זעצ...

ז א ל מ ע נ: אלצ הייסט א זעצ, אז איך האָב דערזענ מײַנ זיידנ פונ יענער וועלט.

ע ז ר ע: (שמייכלט) דאָס איז דערפאר, וואָס איר האָט מוירע. דער פערד פילט...

ז א ל מ ע נ: (ברוגעז)... „מוירע...אז איך האָב שוינ ניט קײַנ מוירע... אָט האָט מיך דער שטורעם געטראָפנ אינ וועג. א שטורעם — עס האָט גע-קערט הימל מיט ערד. און וואָס מיינסטו? אלעמיי זאָל איך זאָגנ: גאָרנישט, מע דארפ נאָר מאכנ א הארצ — איז גאָרנישט...

זאלמענ גייט אוועק. עזרע לאָזט זיך אינ פארוואלטונג. נאָך זאלמענ קערט זיך אום, שמייכלט.

ז א ל מ ע נ: א געלעכטער, ווי איך בינ א ייִד.

ע ז ר ע: וואָס?

ז א ל מ ע נ: אפ דער עלטער — און ווי א ייִנגל צײַט עס דיך ארײַנ. אמאָל האָב איך מוירע געהאט פאר א ווינט. א האלדז איז בא מיר...פלעגט שטענדיק, ווי נאָר עפּעס, פארלייגט ווערנ...הײַנט אזאמינ שטורעם, און גאָר-נישט...כאָטש זאָגנ דעמ עמעס: די הארצ איז בא מיר צענ מאָל אײַנגעפאלנ, ביז וואנענ איך בינ דערלאָפנ א היימ... „כיִענע, האָב איך א געשריי געטאָנ, ווי איך בינ נאָר ארײַנגעפאלנ אינ שטוב, איך בינ פארקילט! לייג מיך ארומ מיט הייסע פלעשער וואסער, איך זאָל קענענ דעמ אָטעמ כאפּנ. איך ליג מיר אזוי א נאכט און שוויצ... עס גיסט פונ מיר — טײַכנווײַז...איך גיב זיך א קער אפ איינ זײַט... אוי! הער נאָר, עפּעס טוט גאָר ניט וויי...איך דריי זיך אויס אפנ צווייטנ זײַט — גאָרנישט טוט ניט וויי! עס איז געוואָרנ טאָג. מע דארפ שוינ באלד גייג אינ פעלד... נאָר איך ליג מיר נאָך אלצ: וואָס איז? עס קענ דאָך ניט זײַנ, מיר זאָל גאָרנישט ניט וויי טאָנ. איך בינ אָבער אזוי אָפּגעלעגנ ביז גרויסנ טאָג. איך פיל, איך בינ פאָרט ניט קראנק! האָב איך א שפּײַ געטאָנ, בינ ארופגעשטאנענ און בינ אוועק ארבעטנ...

זאלמענ אוועק, עזרע ארײַנ — אינ פארוואלטונג. עס גייענ פאר-בײַ די מיידלעך, מע זינגט, מע טאנצט. אלטער שטייט אפ דער וואך. ראָכל וויל אימ פארשלעפּנ טאנצנ. ער וויל ניט. די מיידלעך ווילנ אימ מיט גוואלד נעמענ. אלטער שטעלט אָנ דעמ ביקס: „גייט אוועק, כ׳וועל שיסנ!" זיי כאפּנ ביילקע פראדלס. זי לאָזט זיך אויך ניט.

א ל ט ע ר: טשעפּעט ניט דאָס קינד! ס׳איז דעמ ניט אינ קאָפּ...

ביילקע צעוויינט זיך, די מיידלעך פארלירנ זיך. מיטאמאָל לויפט אָנ א יידענע.

ייִ ד ע נ ע: קינדער, אוי וואָס שטייט איר?

א יי נ י ק ע: וואָס? וואָס איז?

ייִ ד ע נ ע: ווײ איז מיר, איר ווייסט ניט?

מ י ש ק ע: וואָס? וואָס? רעדט שוין?

י ָ ד ע נ ע: אוי, איך האַלט ניט אויס. ווו איז פראַדל? דאָך ביינעש געקומען!

ר אָ כ ל: ביינעש? מישקע, קום!

י ָ ד ע נ ע: **איך האָב אים אַליין געזען** גיין מיטן **שליאַך.**

מע צעלויפט זיך זוכן ביינעשן. שייקע קלינגט אין זאַסטאַווע. מע הערט ווי ער רעדט: „נאַטשאַלניק, כ׳ ייעוודאָקימאָוו? יאָס, אַפּלייגן? נו גוט. איך וועל איבערגעבן. גוט״ פון פאַרוואַלטונג גייט אַרויס עזרע, דער מענטש פון געגנטקאָם, פראַדל און שייקע.

ש ײַ ק ע: **וועט אויסקומען מאָרגן מאַכן די זיצונג, זעט אויס, אַז עס חאַט טאַקע עפּעס געטראָפן אַפן גרענעץ.**

אַלע גייען אַוועק. שייקע בלײַבט. עס קומט צולויפן פעשע מיט א פאַרשטעקטער קלייד — א פאַרפאַליעטע, ערשט פון אויוון.

פ ע ש ע: פר. פר... **טאַקע ניטאָ פראַדלען. אַזאַ בסירע!**

לויפט אַוועק. שייקען ווערט פאַרדעכטיק. א מענטש, וואָס קריכט אום אַפן דער בוידעם. ער גאַנווערט זיך נאָך אים. ברעכט אויס פון פּלויט א דרענגל און גייט אַוועק אַפן מענטשן.

ש ײַ ק ע: עי, ווער איז?

א ײ נ ע ר ו ו ע כ ט ע ר: (פון ווײַטן) **וואָס איז דאָרטן, האַ?**

א צ ו ו ײ ט ע ר: (נאָך ווײַטער) עי, **וואָס איז געשען?**

אין דער אָוונטיקער שטילקייט קלינגען זייערע קוילעס הילכיק און אַסאַך... עס קומט אַרויס א וועכטער — רייזן מיט א ביקס... מע גייט אַפן מענטשן. ס׳איז ביינעש...

ש ײַ ק ע: **איך זע עפּעס א באַקאַנטער** מענטש... **גייט אום אַפן דער** בוידעם און קוקט.

מ י ש ק ע: ביינעש? דו?

ב ײ נ ע ש: אוי ציט צוריק!

פעשע קומט צולויפן און שטעלט זיך אָן אַפן ביינעשן.

פ ע ש ע: **אָט דאָס איז ער, דער הולטיי? נאַר, ווען איך** בין דײַן פראַדל... **קלעק וואָלט איך אַפן דיר געשפּיגן! איר זעט דען ניט?**

מ י ש ק ע: (לאַכט) **מומע פעשע, א מענטש איז דאָך ערשט פון וועג...**

פ ע ש ע: אַוועק, הינטל! ס׳איז געקומען **דאָס** קינד אין **גאָרטן מיט** אָנגעווייינטע אויגן... א טײַער **קינד**, מיר פאַר דעם... „בערעלע, **וואָס** איז מיט דיר?״ „עפּשער טוט דיר עפּעס ווי?״ **לאָזט ער** אַראָפּ **דעם קאָפּ און** מע זאָל **דאָס** זאָגן א פּיפּס... **צום סאָף דערוויס איך זיך: דער** טאַטע **איז** אַנטלאָפן אין פראָצקעס—ווײַנט ער! (ביינעש שווייגט) **הולטײַ, א נאָווינע מאַן און** ווײַב. אָט קריגט מען זיך און אָט קושט מען זיך. (ביינעש שווייגט) אַזאַמינ הולטײַ... **אַנטלאָפן פון דער ווײַב און יענע, די נאַר, איז געוואָרן שוואַרץ,** ווי א האָלעוועשקע. **קום אַהיים! דעם** פּעקל נעם!

ב ײ נ ע ש: **שפּעטער.**

מ י ש ק ע: גיי שוין, גיי! **ס׳וועט דיר שוין קײַן זאַך ניט העלפן.**

ביינעש לאָזט זיך גיין מיט איר. דער הערט זיך אַלטערס קאָל:

א ל ט ע ר: ווו איז ער? ווו איז ער, דער מאמזער? מיט א שטריק, מיט א שטריק איז ער דאָך ווערט!

מישקע לאַכט

פּ ע ש ע: אָט א סאָטנ, ט׳אים אָנגעטראָגנ אינ א בּייזער שאָ.

א ל ט ע ר: אוי בּיינעש, א כאָליערע אף דיר! גאָר אנטלאָפנ, א! מאמזער דו, הולטײַ! דאָ בּויט מענ זיך. מע מאכט א מילך־פערמע.

בּ יי נ ע ש: כ׳האָבּ געזענ.

א ל ט ע ר: בּעהיימעס גייענ פונ סיבּיר.

בּ יי נ ע ש: דעם גאנצנ פארנאכט גיי איך דאָ אום אונ קוק.

א ל ט ע ר: נײַע מענטשנ אָנגעקומענ. אונ בּיינעשנ—ניטאָ!

פּ ע ש ע: זעסט דענ ניט: דער שאָר האבּאָר האָט זיך דאָ אָנ אימ איבּערגעקערט!

א ל ט ע ר: אוך הולטײַ! גאָר אוועקגעפאָרנ! ניט געקוקט, ווי וואָס. טאָמער א ראכמאָנעס אף אלטערנ. (ווײַזט אָנ אפ פּעשעס גרויענ קאָפּ) דער קאָפּ איז דאָך שוינ בּא מיר אָט אזוי גראָ געוואָרנ.

פּ ע ש ע: אָט ווי דו זעסט! געפונענ אנ אלטע.

א ל ט ע ר: אוי, קינדער, צי ווייסט איר, וואָס איך האָבּ איבּערגעלעבּט? פּיישע אוועקגעפאָרנ. בּיינעש אוועקגעפאָרנ. איך בּינ דאָך גאָרניט אזוי אלט, ווי ס׳האָט מיך אײַנגעבּראָכנ.

פּ ע ש ע: אז א ייִד לאָזט זיך אָפּ א בּאָרד, ווי א וואלד. היינט די העמד! ווײַז אימ די העמד, וואָס דו טראָגסט! ס׳איז א כידעש, וואָס? א מאנצבּיל לעבּט אליינ, ווי א וואלקולאק.

א ל ט ע ר: עמעס, עמעס, ווי א שטיינ. נו, וואָס ראָכל? יענע האָט שוינ מער אינ קאָפּ מישקענ, איידער דעם טאטנ...

מישע שמייכלט. גייט אוועק

פּ ע ש ע: נאר. ער האָט דאָך שוינ פארגעסנ דעם טאם פונ א בּיסל פרישע זופּ. אוי ווײ איז מיר! ס׳איז מיר גאָר ארויס פונ קאָפּ. דער בּרויט זיצט דאָך בּא מיר אינ אויוונ (צו בּיינעשנ) סט׳זיצנ דאָ? כ׳ל בּאלד קומענ.

זי גייט אוועק. בּיינעש זיצט פארכושט, גיט זיך א טרייסל אָפּ ווי פונ שלאָף.

בּ יי נ ע ש: (צו אלטערנ) בּיסט דאָך ארײַנ צו פראדלענ, ווענ איך בּינ דאָ ניט געווענ.

א ל ט ע ר: כ׳פלעג ארײַנ. האָבּ געטרייסט.

בּ יי נ ע ש: געדארפט זאָגנ: „א מעשוגענער, וועט זיך דורכריידנ אונ וועט קומענ צוריק א היימ. וווהינ וועט ער פאָרנ!״

א ל ט ע ר: כ׳האָבּ געזאָגט, געזאָגט „א מעשוגענער, א הולטײַ, וואָס אינ דער קאָרט שטייט״.

אלטער קוקט, קוקט אף בּיינעשנ אונ צעלאכט זיך. בּיינעש האלט ניט אויס. לאכט אונ ווישט די אויגנ. אלטער גיט זיך א ריס פונ אָרט אונ ער הויבּט אָנ טאנצנ אונטערזינגענדיק

א ל ט ע ר: בּיינעש, וועט אונדז נאָך זײַנ גוט! נאָר טאקע רעכט גוט טאקע. (ער בּאטראכט דעם אייגענעמ אָנטאָנ) זי איז גערעכט. מע וועט דארפנ זיך נעמענ אינ די הענט. סטי זי געזענ, א?

בּ יי נ ע ש: נאָך א פעסטע ייִדענע...

אלטער: כ׳ל דיר זאָגנ דעם עמעס...

בײנעש: וואָס?

אלטער: זי גײט צו מיר אַרײַנ. א מאָל א פּאָר קאַרטאָפל אָפּקאָכנ.

בײנעש: נו?

אלטער: האָב איכ עפּעס מוירע, איכ בינ דאָכ אזוי אָפּגעלאָזנ, עפּשער וויל זי מיר ניט... א קלוגע יידענע. אונ א צוכט... איכ לויפ אפּ מײַנ פּאָסט. אונ דו גײ אלײנ אהײמ. גײ, א ווײַב איז א ווײַב.

עס לויפט אָנ פּעשע אונ צעבוצקעט זיכ מיט אלטערנ. אלטער שטעלט זיכ ניט אָפּ.

פּעשע: אָט א מיעסער ייִד.

בײנעש: א גאָלדענער מענטש... נאָר אנ עלנטער, נעבעכ...

פּעשע: ווענ איכ טראָג אימ ניט אַרײַנ עפּעס אָפּעסנ, וואָלט ער דאָכ אויסגעגאנגענ מיט די בײנער.

בײנעש: אָט דאָס זאָג איכ דאָכ.

פּעשע: גוטס ווערט דאָכ בא אימ צעפּוילט אונ ער גײט אומ א הונגעריקער.

בײנעש: וואָס זשע מײנט איר, ווענ אָט דער אלטער קריגט עפּעס א רעכטע יידענע, וואָס זאָל קוקנ אפּ אימ, אביסל נאָכגײנ. אזא אלטער דארפ אסאכ.

פּעשע: וואָס עפּעס, יידענעס וואלגערנ זיכ בא אײַכ אינ די גאסנ?

בײנעש: א מענטש אָנ קינדער... עזרע אײַערער האָט באַלד כאסענע... אפּ מײַנ וואָרט...

פּעשע: ווער, איכ?

בײנעש: וואָס איז שלעכט?

פּעשע: מיט אימ?

בײנעש: מיט אלטערנ.

פּעשע: אוי, נאר, איכ מאכ נאָר כאסענע עזרענ, וועל איכ נאָכ נעמענ א באָכער.

בײנעש: שא, שא. וואָס איז ער אזוי אלט.

פּעשע: עפּשער, ווענ ניט די באָרד... עפּעס האָט ער א מאָדנע באָרד, ווי בא א קרימענקערער.

בײנעש: (פּאלט אַרײַנ אינ פּארביטערטקײט) א שאדנ בינ איכ געוואָרנ.

פּעשע: שא, מײַנ בענאָק גײנ! וואָס, ווערסטו שוינ גײנ אמאָל עפּעס עסנ פאר א טאָג?

עזרע: דו ביסט נאָכ געזעצט, א טאָג, אז דו לויפסט אומ. גוטנ אָוונט, בײנעש! (דערלאנגט אימ די האנט) וואָס מאכסטו? (צו דער מאמענ) גיי גרייט עסנ!

פּעשע גײט אוועק

בײנעש: (פרײלעכער) איכ בינ געקומענ, מע זאָל מיכ צוריק צונעמענ אינ קאָלכאָז.

עזרע: דו רו זיכ הײַנט אָפּ, מאכ שלאָפּעמ מיט דער ווײַבל אונ נעמ זיכ צו ארבעט. דאָ איז אזויפיל ארבעט פאראנ, אז אלײנ וועל איכ גאָרניש אומפאָנ (בײנעש שווײַגט). די קינדער דײַנע לעבנ אסאכ איבער, וואָס דו ביסט אוועקגעפאָרנ. די לערערקע האָט מיר דערצײלט.

בײנעש: כ׳ווייס.

עזרע: גייט אהיים! ס׳איז פאראַנ בילכערס וואָס צו טאָנ איצט. מע האָט גענומענ א קאַנט, א רײַכקײַט און אָט שוינ זעקסטער יאָר, ווי מע פּאָרפּלט זיכ ארום דעם. אומעטום... „ביראָבידזשאַנ און ביראָבידזשאַנ". און דאָ פאַרטרײַבט מענ מענטשנ... מע פּלאַנצט א סינע צו דעם אָרט.

עס קומט אָנ בענטשיק

בענטשיק: הער נאָר, דו, פּאָרזיצער, האָסט מיכ גערופנ, טאָ באַצאָל.

עזרע: זאָג מיר, גוטער ברודער, גייסט מאָרגנ ארויס צו דער ארבעט?

בענטשיק: גייסט אײַנ אַפ מײַנע אוסלאָוויעס—פּאַזשאַלוסטע.

עזרע: שטעל זיכ אפּריער ארבעטנ, ווײַז זיכ ארויס אינ דער ארבעט, וועט מענ דיר נאָכדעם געבנ א ווידוויזשעניע...

בענטשיק: ניינ, עס לוינט מיר ניט. איכ האָב א פּראָסטנ כעזשבנ: נאַראָנים זאָלנ ארבעטנ.

עזרע: א צינגל האָסטו אזא, אז מע דאַרפ עס ניט פּיקנ...

ביינעש: (אינקאַעס) דו ווייסט מיט וועמענ דו רעדסט?

בענטשיק: פּאַרוואָס זאָל איכ ניט וויסנ? אימ האָט מענ געשיקט אהער און ווענ ער וועט ווערנ אוועקפּאָרנ, וועט ער ניט קענענ. ער איז דאָכ א פּאַרטײיער... און איכ איינס און צוויי (גיט א פּײַפ) אי נא מאָסקווו. דער סעמאַפאָר איז אָפנ.

ביינעש: (צינדט זיכ אָנ) טאַק פּאָר! בלוטצאַפּער, וואָס ביסטו געקומענ אהער... אז ארבעטנ ווילסטו ניט.

עזרע: רויִק, ביינעש.

ביינעש: מע האָט אונדז געגעבנ א ווינטש-פינגערל, עזרע, א ווינטש-פינגערל און מיר, וואָס? אינ דער ערד מיטנ קאָפּ. מיר זײַנענ דאָכ ניט ווערט וואָס די ערד טראָגט אונדז...

בענטשיק וואַרפט פונ זיכ אראָפּ דעם פּידזשאַק. עזרע נעמט אימ אָנ פארנ אקסל. ער שטויסט עזרענ אָפּ.

בענטשיק: (צו ביינעשנ) אַז וועמענ מאכסטו עס אזא טובאָנ, הא, דו ווייסט ווער איכ בינ?

ער קריכט שלאָגנ ביינעשנ. עזרע שטעלט זיכ אינמיטנ.

עזרע: וואָלסט עפּשער אָנגעטאָנ דעם פּידזשאַק צוריק, וואָרום קענסט אימ נאָכ פּאַרגעסנ...

בענטשיק: אכ. טאַק. (און גיט זיכ א בויג צו עזרענ) פּאַרגעדענק, מיכ רופט מענ בענטשיק גענעראַל. (און ער גייט אוועק א בייזער)

עזרע: מע דאַרפ זיכ ניט קריגנ, ביינעש. מע דאַרפ זענ בעסער די ארבעט זאָל אוועקגיינ. אז מע איז ניט אינ ביראָבידזשאַנ מיינט מענ: מע דאַרפ נאָר אופאַקערנ די טײַגע איז שוינ אלצ פּאַרטיק. דאָ אָבער דאַרפ מענ דעם מענטשנ איבערקערנ. פונ קאָפּ אימ אוועקשטעלנ אַפ די פיס. די מעלוכע גיט אַפ דעם... און מיר... זעסט דאָכ...ווי א שטיינ ארויסצושלעפּנ פונ יאַמ... קומט, איכ גיי אינ אײַער זײַט.

גייענ אוועק. עס קומענ די מיידלעכ, די כעוורע פונ דרעשנ פּאַרשטויבטע, מידע נאָר פרייַלעכע. פרויעמ גייט אוועק טאַנצנ נאָכ אימ די איבעריקע.

אלטער: (שארט זיך אויך צו אהער) עך, קינדער, איצטער איז גאָר א צײַט אפ כאסענע צו פראווענ... בײַנעש געקומענ, דעמ ברויט אראָפּגענומענ... אונ דאָ גייט שוינ די קעטא מיטנ טײַך.

אימ גיט א צי טאנצנ. ער טוט אָנ זײַנ רעגנמאנטל אפ ראָזענ.

ראָזע נעמט איבער זײַנ ביקס.

ראָזע: (מיטנ ביקס אינ הויך אופגעהויבענע הענט) איז, זאָל זיך נאָר פּרווונ עמעצ ווײַזנ אקאָרשט פונ דאָרטנ!

אלטער: (גרייט זיך טאנצנ, מע קוועלט אָנ פונ זײַנ גרייטנ זיך) מע לאכט פונ מיר. „אלטער נאר, וואָס יאָגסטו זיך אומ מיט די קינדער? דערזעסטו דעמ אמור, איז ווי דו וואָלסט קיינמאָל קײַנ טײַך ניט געזענ. וואָס קוועלסטו אזוי קוקנדיק אפנ הימל, אפנ וואלד? האָסט קיינמאָל גאָר קײַנ וואלד ניט געזענ?" איך בינ א קינד געוואָרנ, זאָג איך, איך בינ ערשט פונ מוטער-לײַב ארויס.

אלטער טאנצט. צעהיצט זיך. גייט ארײַנ אינ עקסטאז. מיטאמאָל דערהערט זיך א גוואלד־געשריי, ווי מע וואָלט עמעצנ געהארגעט. עס ווערט א קלינגערײַ אפ א סרייפע.

אלטער: קינדער, עס ברענט די אָפּגעשניטענע ווייצ.

עס ווערט א לויפערײַ

מישקע: לאָפּעטעס נעמט!

בײַנעש: (קומט צו לויפנ) עמער! עמער! נאָך מיר!

דער גלאָק קלינגט, מע לויפט מיט לאָפּעטעס אינ די הענט צו דער סרייפע. דער „פאל" ברייטערט זיך, וואקסט, פארכאפּט א האלבנ הימל. עס לעשט זיך אויס די שײַנ, אינ דער פינצטערניש יאָגנ גרענעצלער, „שטיי. יוי ווועלנ שיסנ! ס׳ווערט באַלויכטנ א ווילד ווינקל אינ דער טײַגע. מיט הויך־אופגעהויבענע הענט שטייט דאָרט יערוכעמ.

נאטשאלניק: געפּאקט?

גרענעצלער: געפּאקט, כאווער נאטשאלניק. ער האָט ארויסגעלאָזנ א גאנצנ רעוואָלווער קוילנ אפ מיר.

## זיבעטע בילד

דעקאָראציע פונעמ ערשטנ בילד. ווער פאָנ א טימ מארבסטיקער. עס גרויט אפ טאָג. ווע פאַנארשטשיק קומט ארויס פונ זעמליאנקע, גענעצט. הויך אינ הימל שרײַענ ווילדע גענדז.

פאָנארשטשיק: די ווילדע גענדז פליענ שוינ אוועק... אונ באלד וועט זיך שטעלנ דער טײַך... דא. אוועק דער זומער. (פינסקי קומט)

פינסקי: גוט מאָרגנ אלטשינקער! ניטאָ נאָך דער פּאראכאָד פונ כאבאראָווסק?

פאָנארשטשיק: דארפ באלד זײַנ דער לעצטער פּאראכאָד, גוטער ברודער. וואָס, ס׳פאָרנ צו אײַך איבערוואנדערער?

פינסקי: עס פאָרנ איבערוואנדערער, ברודער.

פאָנארשטשיק: דאָס איז גוט. אז מע פאָרט, איז גוט. דאָס האָט מענ זמאָל מוירע געהאט: א נײַע מישפּאָכע זאָל צוקומענ. די זשעדנעקײַט

האָט אָנגעפירט מיטנ מענטשנ... אונ די זשעדנעקײַט, װײסטו, ברודער, פונ װאנענ זי איז געקומענ? פונ א שלעכט לעבנ... פונ װילדקײַט... דער מענטש איז קײַנ מענטש ניט געװענ—א כײַע. פארנ ביסנ ברויט איז אײנער דעמ אנדערנ גרײט געװענ די קישקעס ארויסצולאָזנ.

פ י נ ס ק י: נו, װי-זשע... אָט דאָס זאָג איך דאָך אויך...

פונ קאָלװירט דערטראָגנ זיך קלאנגענ פונ מוזיק.

פ י נ ס ק י: מע פראװעט סימכעס „די ערד נא װעטשנע פאָלזעװאניע" אונ דיך אפילע ניט פארבעטנ... אײַ... אײַ... קנאפּ דערעסט מענ דיר, הא?

פ אָ נ א ר ש ט ש י ק: דו ביסט ניט גערעכט. גערופנ מיך. אלטער אלײנ געװענ בא מיר אונ האָט מיך גערופנ אפ דער סימכע... נאָר אלט בינ איך שוינ. עס ברעכנ מיר די בײנער... (ער קוקט אָנ מיט כשאד פינסקינ) אונ דו ביסט א מענטש, זעט אויס, ניט מיט קײַנ רײנער נעשאָמע... זוכסט אלצ אָנצורײצנ יענעמ...

פינסקי אװעק. דאָס שפילנ פונ מוזיק דערנעענטערט זיך. מע הערט, װי פינסקי באגעגנט עמעצנ אונ שרײַט צו זײ „סאיז נאָך פרי, טײַערע כאװײרימ. דער פאראכאָד נאָכ ניטאָ. נאָר איך װעל לויפנ נאָכ פורנ". ער קומט צוריק מיט עזרענ אונ ריװענ.

פ י נ ס ק י: עס װעלנ דאָך קומענ פאמיליעס מיט װײַבער אונ קינדער— דארפ מענ זײ זענ אופנעמענ, װי עס קער צו זײַנ?... װאָס איז, מיר האָבנ דאָס ניט בעיאַד? (גײט אװעק)

ר י װ ע: דעמ ערשטנ מאָל אינ מײַנ לעבנ... שיקערלעכ... (לאכט) די בײמער לויפנ פארבײַ, דער טײַכ... איך װאָלט איצט מיט דיר אװעקגעשװומענ װײַט, װײַט... (צומ פאָנארשטשיק) זײדע, גיב א שיפל אפ א װײַלע.

פ אָ נ א ר ש ט ש יק: נעמ, אפנ ברעג!

ר י װ ע: קומ, אָט אהינ צו, װו די זונ קומט ארויס פונעמ װאסער (לאָזט זיך גײנ) איך קענ ניט, די פיס בײגנ זיך מיר אונטער (לאָזט זיך אראָפּ אפנ גראָז) דו, אנטשולדיק מיר, עזרע...

ע ז ר ע: פארװאָס?

ר י װ ע: װאָס איך האָב צופיל אויסגעטרונקענ.

ע ז ר ע: נארישע.

ר י װ ע: עכ, עזרע... װי גוט עס איז... עס װעלנ דורכגײנ יאָרנ... אונ ערגעצ אינ טיפנ עלטער, װענ איך װעל זײַנ אנ אלטע באבע, װעט זיך דערמאָנענ אָט דאָס אלצ, װאָס מיר לעבנ דאָ איצט איבער. אונ עס װעט װערנ פרײלעכער אפנ הארצנ (מאכט אנ אלט פּאָנעמ אונ מיט האװײעס) „גוט געלעבט, עזרע, הא?"

ע ז ר ע: (לאכט) אונ איך װעל דיר זאָגנ זיצנדיק אפ אויװנ: „געדענקסט, ריװע, װענ מיר האָבנ זיך באגעגנט בא דעמ פאראכאָד?"

זײ לאכנ פונ די אײגענע האװאיעס. די מוזיק װערט הילכיקער. עס קומענ אָנ אלע פונ קאָלװירט. דער אָרקעסטער.

ז א ל מ ע נ: (צו עזרענ) ע, גוטער ברודער, א פאָרזיצער אונ אלײנ אנטלאָפנ דער ערשטער (צו אלטערנ) הער דו, די קאָמיסיע װעט דאָס אימ פארשװײַגנ?

א ל ט ע ר: די רעכטע סימכע װעט ערשט זײַנ, װענ בײנעש װעט קומענ. דאָס איז זיך דערװײַלע... אוי, קינדער א יאָנטעװ...

פ ײַ ו ל: (שטעלט זיך אוועק מיט א רעדע) כאַווייריִם, אַלטע און נײַע אי-בערוואַנדערער... מיט איין וואָרט: קאָלכאָזניקעס. מיר האָבן זיך הײַנט אהער צונויפגעקליבן...

מע לאָזט אים ניט ריידן.

פ ר ו י ע ם: וואָס בין איך שולדיק, אז עס ווילט זיך נאָך צו קאפעלעך.

ג ע ר ש ן: יידן, נעמט ארויס פון קעשענע לעקעך, ביזוואַנען די אי-בערוואַנדערער וועלן קומען און אז זיי וועלן קומען, וועלן מיר נעמען נאָך צוביסלעך.

ע ז ר ע: (שטופט אריין דעם אלטן פאָנארשטשיק א קויסע) מיר וועלן טרינקען פאר אונדזערע שכיינים... פאר אונדזערע פרײַנט.

פ אָ נ א ר ש ט ש י ק: פרײַנט, פרײַנט... נו, פארוואָס זאָל איך אײַך ניט זײַן קיין פרײַנט? איר האָט בא מיר עפּעס פארנומען? ס'האָט געפּוסטע-וועט דאָס אָרט... געפּוילט אין דער בלאָטע... ס'פארדריסט נאָר: געדארפט פריער קומען... אלט בין איך שוין... (פּאוזע) אָט קוק איך אָפּ אײַך. איר טאנצט... איר הוליעט... ס'איז א סימכע בא אײַך... און ווי, פרעגט, האָבן מיר דאָס געלעבט? איך דערמאָן זיך אמאָל, אזוי ליגנדיק באנאכט און עס ווערט מיר אזש קאלט: ווי אזוי האָבן דאָ מענטשן גאָר אויסגעהאלטן!... דא... שפּעט... שפּעט, זיך צו דערמאָנען... פראָזשילי מי וועק זא באָלשמשאָווי מעך...

מע וויל אויסטרינקען.

א ל ט ע ר: (שוין אביסל אויסגעטרונקען) אָן ביינעשן איז די סימכע קיין סימכע ניט. איך טרינק ניט!

פעשע שלעפּט אים פארן פּידזשאַק.

ע ז ר ע: כאַווייריִם, ביינעש וועט באלד אונטערקומען. ער איז ארויס-געפאָרן באגעגענען די בעהיימעס, און א יעדיע האָב איך, אז ער איז שוין גאָר נאָענט.

א ל ט ע ר: ניין. דו לאָז מיר אָקאָרשט! ווער איז אין דער קאָמיסיע, איך צי ניט איך?

א ל ע: דו, דו.

א ל ט ע ר: אהא, איך! הײַנט וואָס־זשע קריכסטו? קיינער וועט ניט נעמען אין מויל, אָט וואָס דאָס איז ווערט, ביזוואַנען ביינעש וועט ניט קו-מען. פראדל! ווו איז פראדל? ביילקע, די מאמע ווו איז?

ב ײ ל ק ע: אָט איז זי, זע!

פ ר א ד ל: דאָ בין איך דאָ!

א ל ט ע ר: א, פראדל איבערגעלעבט אלץ? אי האָלאָד, אי כאָלאָד, ווער זײַנען דאָ געווען פון די ערשטע? ביינעש. ביינעש אין פעלד—ביינעש אין וואלד—אומעטום ביינעש.

פ ר א ד ל: און אלטער.

א ל ט ע ר: און אלטער. און אלץ דורכגעלעבט? אהא! איר ווייסט פארוואָס?

פ ע ש ע: ווײַל דו ביסט געווען א גרויסער העלד: א ניכעווער לאַ-טושניק.

א ל ט ע ר: פעשע, משעפּע ניט די דראַטווע!

י י ד ע נ ע: א ליטוואַק!

אַ ל ט ע ר: פינפ אונ דרײַסיק יאָר האָב איכ געשטשאָבעט לאַטעס... די וועלט האָב איכ איבער די לאַטעס ניט געזענ... עפּעס אפנ קאָפּ... אפנ קאָפּ איז מיר געלעגנ... אונ אז מע האָט מיר דאָ אָפּגעגעבנ א וועלט מיט פעלדער מיט וועלדער... האָבנ זיכ בא מיר קויכעס גענומענ. ס׳איז געווענ בי־טער, איַ ביטער... האָב איכ געזאָגט: „אַלטער, פאַל בא זיכ ניט אראָפּ! מע וויל פונ דיר מאכנ א לײַט אפ דער עלטער, טאָ לאָז זיכ!״

ס׳ווערט א הורא־געשריי.

אַ ק אָ ל: א טוש, א טוש! ביינעש גייט.

ע ז ר ע: הורא, ביינעש!

אַלטער קריכט ארופּ אפ דער זעמליאַנקע, טראָגט אנטקעגנ ביי־נעשנ א קאָס. ביינעש גייט אָנ א מידער אונ פארשטויבטער פונ וועג. ער טראָגט אפנ אקסל אנ ערשט־געבוירנ קעלבל.

ב יי נ ע ש: מאזלטאָוו, כאווײַרימ!

ק ו י ל ע ס: מיט מאזל זאָל מענ לעבנ.

—״—: מאזלטאָוו, מיר זאָלנ דערלעבנ גייג אפ סימכעס!

ב יי נ ע ש: מאזלטאָוו מיט א נײַער קאַלב פונ די סיבירער בעהיימעס... כאווײַרימ, כ׳האָב געבראכט צופירנ 60 בעהיימעס, קײַנ איינע איז אינ וועג ניט געפאַלנ. פיר האָבנ זיכ געקעלבט אינ וועג. אונ נאָכ איינע אָט דאָ לעבנ דער הרעבליע.

ע ז ר ע: די קעלבל איז דײַנע. טראָג עס אהיימ. א פרעמיע פאר גוטער ארבעט, הא, כאווײַרימ? אזוי צי ניג?

ק ו י ל ע ס: מאסקימ. ער איז ווערט, נישקאָשע.

—״—: קנאפּ געזונט האָט ער דאָ אוועקגעלייגט?

ב יי נ ע ש: מײַנע. בינ איכ הייסט עס, באַלעבאָס? פראדל, קומ אהער!.. געבנוג זײַנענ מיר שוינ געווענ ברויגעז... (זי קומט צו. ער הייבט אופ דאָס קעלבל אינ ביידע הענט) אפ האָדאָוולע דעמ ערשטנ איבערוואנדערער, וואָס ווערט אראָפּ פונ פאראכאָד... אונדז האָט מענ אזוי ניט באגעגנט אינ 1928 יאָר. (צו מישקענ אונ צו ראָכלענ) אונ אײַכ האָב איכ געקויפט א זאכ...

ער וויקלט פאנאנדער ווינדעלעכ, קינדערשע העמדעלעכ. עס ווערט א געלעכטער.

מ י ש ק ע: ווארט, ס׳איז דאָכ נאָכ בא אונדז אפילע קײַנ כאסענע ניט געווענ...

ב יי נ ע ש: מיר פארשטייענ, ס׳ארט דיכ!

ש יַ ק ע: ער וויל דאָס מאכנ שטיל, אז קיינער זאָל ניט וויסנ. עס וועט ניט אָנגיינ, ברודער!

אַ ל ט ע ר: ווילסט כאסענע האָבנ, דארפ קאָסטנ געלט! אלצ אומזיסט, מיינסטו?

ג ע ר ש נ: לעכאימ יידנ, פאר דער קויסע! לאָמיר דערלעבנ, אז פונ דעמ קעלבל זאָל אויסוואקסנ א בעהיימע, אונ די בעהיימע זאָל האָבנ הערנער, וואָס זאָלנ זיכ מעלקנ.

ז א ל מ ע נ: ע׳, ע׳, שטעלט זיכ אוועק א ייד אונ באָלבעט. אונ די מוירע זאָל זיכ פונ אונדז אָפּטאָנ, טרינקט לעכאימ, אז מע זאָל אלע זײַנ געזונט אונ עס זאָל זײַנ שטיל אפ דער וועלט...

מישקע הייבט אופ דעמ קאָפּ.

ע ז ר ע: (שלאָגט אימ איבער) לעכאיִמ פאר ראָכלענ.

מ י ש ק ע: ניינ, ניינ. ווארט!

פ יַ ו ל: מיטנ בריס אָדער מיט דער בריסניצע פאר דער כאסענע.

עס ווערט א ראש. ראָכל רויטלט זיך.

מ י ש ק ע: (לאכט) איכ בינ ניט שולדיק. ס׳איז א פּאָראָדע בא איר אזא... ווארט, כאווײרימ. איכ וויל טרינקענ פאר פראדלענ. ווו איז זי? זאָל זי זיכ ניט באהאלטנ! ביינעש, גיב איר דאָרט א טאָרקע... מיר זאָלנ האָבנ וואָס מער אזויגע ווייבער, ווי פראדל.

פ ר א ד ל: אונ מיר זאָלנ האָבנ אינ קאָלווירט א גוטע סטאָלאָווקע, אז מיר זאָלנ ניט דארפנ-קאָכנ דעמ מאנ ווארעמעס...

ס׳ווערט א פאטשעריי. די מוזיק שפּילט. מע לאָזט זיכ טאנצנ— די יונגע געוורע, דער פאָנארשטשיק, שפּעטער פראדל, ביינעש א ברויגעז־טאנצ. פראדל ווערט מיד, הערט אופּ. ביינעש טאנצט אליינ, אלטער שרייט.

א ל ט ע ר: לאָזט דעמ מוטשעניק טאנצנ! ברייטער די ראָד!

ביינעש בלייבט שטיינ פארסאָפּעט.

ב יי נ ע ש: א מוטשעניק בינ איכ? ווענ עס זאָל מיר געווענ איינפאלנ כאָטש אפ איינ מינוט א סאָפּעק, אז מע וועט ביראָבידזשאנ ניט אויסבויענ, וואָלט איכ דענ אויסגעהאלטנ? צאָרעס, מאטערניש פונ דער טייגע, סאָנימ ווי יערוכעמ... אָבער אינ זיכ האָב איכ געוווסט: ס׳וועט זיינ א לייט, כאבאראָווסק בויט זיכ! קאָמסאָמאָלסק בויט זיכ, וועט זיכ דענ ביראָבידזשאנ ניט אויסבויענ? וואָס איז דאָס עפּעס אנ אנדער מעדינע? דאָכ איינ גאלעבאָס...

ש יַ ק ע: אונ מיר וועלנ אויסבויענ!

א ל ט ע ר: אויסבויענ, קינדער! אפּצעלאָכעס אלעמענ, וואָס ווילנ אונדז טאָנ ביין... מיר וועלנ נאָכ פראווענ יאָנטויוויִמ אפ יאָנטויוויִמ...

ר י ו ו ע: (מיט א קוישע אינ האנט) געווענ אמאָל בא יידנ אויכ יאָנטויוויִמ: לאג-בוימער, שוועס, סוקעס...

א ל ט ע ר: אוי, קינדער, פונ וואנענ ווייסט זי דאָס? כ׳וועל זי באלד אויסקושנ.

ר י ו ו ע: אז עס האָט זיכ געוואָלט מאכנ יאָנטעוו, פלעג מענ פאר צענ גראָשנ קויפנ סכאכ אונ מע פלעג דערמיט ארייַנברענגענ אינ די פינצטערע געסלעכ דעמ רייעכ פונ פעלד, דעמ רייעכ פונ דער עויד... די ערד אליינ— דער אורקוואל פונ לעבנ—איז געווענ פאר אונדז פארבאָטנ. מיט 17 יאָר צוריק, כאווײרימ, האָט אונדז די ראכנמאכט אָפּגעגעבנ אפ אייביקנ באנוצ די גרויסע וועלט מיט דער זונ.. מיט טייכנ.. אונ איצט א לאנד—עויד... קעדיי דורכ דער דאָזיקער ערד זאָלנ אופגעוועקט ווערנ נייע קויכעס פונ אונדזער פאָלק.

מע הויבט אָנ שרייענ. מע וויל זי הויבנ אפ הורא. זי לאָזט זיכ ניט. ווייזט אָנ אפ פראדלענ. מע לאָזט זיכ צו פראדלענ... יענע אנטלויפט.

פּ י נ ס ק י: (קומט צולויפנ) כ׳האָב געבראכט די פורנ.

עזרע: גוט. עס זאָלן נאָר צו אונדז קומען גוטע ארבעטער, אזוינע וואָס זאָלן ניט פאָרן אהער, אפּן ווייַטן מיזרעך, אָפּקומען די שטראָפנאָיע פאָר יאָר... מיר וועלן זיי באַגעגענען מיט פורן, מיט אַלעמ נויטיקן.

(עס פייַפט דער פּאַראָכאָד).

עזרע: כאַווײרים, קומט באַגעגענען די נייַע איבערוואַנדערער...

אלטער: מיר וועלן זיי זאָגן: „אָט, קינדער, מיר האָבן געהאט שווערע צייַטן. נאָר איצט איז גוט. ס׳וועט נאָך זייַן בעסער".

מישקע: ביינעש,—דאָס קעלבל ניט פאַרגעסן!

ביינעש: האָב ניט מוירע! דאָס וואָס איך זאָג צו, גיב איך אָפּ.

דער פּאַראָכאָד גייט צו. דער אָרקעסטער שפּילט. די זונ גייט אויף, פאַרגיסט די רויט-אָנגעצונדענע האַרבסטיקע וועלט מיט ראַשיקער שייַן. פון פּאַראָכאָד לאָזט זיך אַראָפּ דער ערשטער—א באָכער.

ביינעש: (טראָגט אימ אנטקעגן דאָס קעלבל) נעמ, כאַווער, נעמ—ס׳איז אפּ אַן אָנהייב!...

דער באָכער: אז מע טראָגט נאָך אנטקעגן קעלבלעך צום פּאַראָכאָד, דאַרפ דאָ מייַן טאַטע, זע איך, אוואַדע ניט זייַן שלעכט (ער גיט א געשריי) טאַטע!

מוישע: ביניאָמינן!

מומע רייצע: ביניאָמינקע, זונ מייַנער!

ביינעש: זע נאָר, איך האָב אימ גאָרניט דערקענט...

ז׳ ווענדראָפ

# דער ערשטער שטרייק

.1

העכער פונ מיטעלנ וווקס, א ברייטפּלייציקער, מיט א ברייטער בלאָנדער „רוסישער" באָרד ארום כולע ווײַנשל-באקנ, מיט א ברייטנ זיכערנ גאנג פונ א מענטשנ, וואָס איז צופרידנ מיט זיכ אונ מיט דער וועלט, — איז פאָליע קראוועצ מער ענלעכ געווענ אפ א „פּאָסעסאָר", ווי אפ אונדזער אלטנ באַקאנטנ יידישנ שנײַדערל — דעם אָרעמענ, אָבער פריילעכנ קאפּצנ.

פאָליע קראוועצ איז ניט געווענ אבי א שנײַדער. ער איז געווענ א פּריצישער שנײַדער — „מוזשסקאָי אי זשענסקי, שטאטסקי אי וואָיעני", וועגנ וואָס עס האָבנ, אינ וואָרט אונ בילד, געמאָלדנ די שילדנ אפ זײַנ הויז.

פונ איינ שילד האָט אראָפּגעקוקט א רויט-בעקלדיקער דזשענטלמענ אינ א וויזיטקע מיט קליאפּעס, אינ פאסקאָווע הויזנ אונ מיט א צילינדער אפנ קאָפּ. צום עלעגאנטנ הער האָט פונ א צווייטער שילד געשמייכלט א ניט ווייניקער עלעגאנטע דאמע אינ א גרינער קלייד מיט א שליעפּע אונ מיט א טיפנ דעקאָלטע, וואָס איז אפילע פאר א דאמע אפ א שילד געווענ אביסל צופיל פארשײַט. איבער איינ האנט פונ דער בלאָנדער קראסאוויצע איז אריבערגעוואָרפנ געווענ א ריעגנ-מאנטל, אינ דער צווייטער האנט האָט זי געהאלטנ א רײַט-בײַטשל.

א בראווער מיליטערישער פארשוינ אינ א „ניקאָלאיעווסקער" שינעל מיט א לאנגער פעלערינע אונ מיט א באָבראָווע קאָלנער, האָט מיט א גאזלאָנישנ בליק שטרענג געקוקט פונ א דריטער שילד, אָט, אָט, דאכט זיכ, וועט ער א קאָמאנדעווע טאָנ: „סמירנאָ" אָדער „מאָל-טשאט!".. א מיליטערישער מונדיר, איינגאנצנ באהאנגענ מיט מעדאלנ, אונ א ציווילער פּאָרמענער מונדיר מיט זילבערנע קנעפּ, ביידע אָנגעצויגנ אפ שטארקע מענערשע ברוסטנ, האָבנ זיכ זעלבאנאנד אײַנגעאָרדנט אפ איינ שילד — אפ דער פערטער.

די דאָזיקע קינסטלערישע שילדנ, וואָס פאָליע האָט געלאָזט מאכנ אוש אינ גובערניע, זײַנענ, אייגנטלעכ, געווענ מער א באדערפעניש פונ זײַנ קינסטלערישער נאטור, ווי א געשעפטלעכע נויטווענדיקייט. פאָליע קראוועצ האָט זיכ אינ קײַנ רעקלאמעס ניט געניטיקט. יעדערער אינ שטאָט אונ צוואנציק מײַל ארום שטאָט האָט געוווסט, אז בא פאָליע קראוועצ קאָנ מענ זיכ באשטעלנ — פונ אייגענעמ אָדער פונ זײַנ מאטעריאל — „אינלענדישע אונ אויסלענדישע" — וואָס דאָס הארצ גלוסט: פונ א וויזיטקע מיט קליאפּעס ביז א מיליטערישנ מונדיר, פונ א באל-קלייד ביז א ראָטאָנדע, פונ א ניקאָלאיעווסקער

שינעל ביז אנ אמאזאָנקע, אינ װעלכע פארשײַטע פּריצטעס פּאָרג רײַטנדיק. די שילדנ, װאָס האָבנ פארנומענ די גאנצע פּאָדערשטע װאנט פונ זײַנ פּײַנע הױז אפ דער הױפּט-גאס פונ שטאָט, זײַנענ געװענ ניט מער, װי א טײל פונ דער באפּוצונג אפ זײַנ הױז: װי די געשניצטע געזימסנ, װי די קאָלירטע שײַבלעך אינ דעמ באגלאָזטנ גאנעק, װי דער געפארבטער װעטער-הענדל אפנ שפּיצ דאך.

פאָליע קראװעצ איז בעטעװע געװענ א גרױסער ליבהאָבער פונ קונסט און א מעצענאט. זײַנ שטוב איז, װי א מוזײ, אָנגעפּיקעװעט געװענ מיט קונסט-װערק: מיט לײמענע, רױטבעקלדיקע, צעשמײכלטע און באמיצלטע דײַטשנ מיט שױמיקע ביר-קופּלענ אינ די הענט און מיט לאנגע ליולקע-ציבעקעס אינ די מײַלער, מיט גיפּסענע איטאליענישע יינגלעך אינ פארלאטעטע הױזלעך, אינ היטעלעך מיט דאשעקעס פארדרײט אָנ א זײַט און מיט פּאפּיראָסלעך אינ די מײַלכלעך, מיט פּאָרצעלײַענע הינטלעך, מיט שטײנערנע העלפאנטנ, מיט טעראקאָטענע אלטיטשקע, װאָס שטריקנ זאָקנ, מיט פארפאָרנע פרױענ-קעפּלעך, מיט קוקושקע-זײגערס, מיט בילדער און גראװיורנ, װי אשטײגער „מױשע מאָנטעפיאָרע פאָרט מיט א װיזיט צו דער ענגלישער מאלקע װיקטאָריע", „דרײַ דױרעס"—א בילד, אפ װעלכנ דער פליכעװאטער יידע, דער קודלאטער זונ און דער געקרײַזלטער אײניקל זעענ אױס, װי אײנ מאמע װאָלט זײ געהאט, „בירכאס הוירימ"—א בילד, װאָס שטעלט פאָר װי א טאטע מיט א שװארצער באָרד, װאָס זעט אױס װי א צוגעקלעפּטע, בענטשט ערעװ יאָמקיפּער פארנאכט זײַנ זונ—א יינגעלע מיט פּײקעלעך און אינ א פלאכנ קאפּעליושל; „מעזומענ און קרעדיט"—ניט א בילד, נאָר א מוסער-האסקל פאר יעדער סױכער, װאָס װיל ניט קומענ צו אזא ביטערנ סאָפ, װי דער קרעדיט-געבער, װאָס איז אױסגעמאָלט אפנ בילד, און נאָך אזעלכע קונסט-װערק, ביסלעכװײַז אױפגעקױפטע בײַס זײַנע נעסיִעס נאָך סכױרע קײַנ לאָדז, ביאלעסטאָק און טאָמאשעװ.

האָבנ אינ שטאָט פארבלאָנדזשעט עטלעכע פעכאָטנע אקטיאָרנ—א רעשטל פונ א צעשאָטענעמ װאנדערנדיקנ יידישנ טעאטער,—איז פאָליע געװענ דער ערשטער ארײַנצונעמענ זײ צו זיך אינ הױז, געבנ זײ עסנ און טרינקענ, אױספּױעלנ באמ איספּראװניק א דערלױבעניש אפ עטלעכע ספּעקטאקלענ פונ דער „יידיש-דײַטשישער" טרופּע, אָרעװ זײַנ בא יאבראָװ אינ דרוקערײַ פאר אפישנ, באקומענ אומזיסט דעמ פּאָזשארנעמ שײַער פאר די פאָרשטעלונגענ, אלײנ שטײנ באמ טיר און אכטונג געבנ, אז מער פונ א העלפט אױלעמ זאָל ניט ארײַנ אינ טעאטער אָנ בילעטנ. קורצ, ער האָט דעמ לעבנ געלײגט, די „טרופּע" זאָל ניט אװעק פונ שטאָט אזױ װי זי איז געקומענ—צופּוס.

כאזאָנימ זײנענ לעכאטכילע פארפאָרנ צו אימ װי צו זיך אהײמ. די גאנצע כאזאָנישע װעלט—פונ ליטע ביז װאָלינ—האָט געװוסט, אז מיטנ עסנ און דירע סײַ פאר זיך, סײַ פאר כעװרע מעשױרערימ, איז מענ בא פאָליענ באזאָרגט.

א רעװל, װאָס האָט ארױסגעטראָגנ זײַנ כיבער איבער די הײַזער, א פארבלאָנדזשעטער פעכאָטנער מאגיד, אנ אָרעמע קאלע, א רײַטערקע פונ א װאנדער-צירק, א טשינאָװניקל א שיקער, װאָס לעכצט נאָך א טראָפנ צו אָט-כאיענ זיך נאָך א פילטאָגיקער זױפערײַ, די טאלמעטוירע און די װאָלגע פּאָזשארנע קאָמאנדע, די יעשיװע און דער פּריצישער קלוב, די שטאָט-באָד און

די קלויז — אפ אלצ אונ אפ אלעמענ האָט זיכ בא פאָליען קראַוועצ געפונענ א קערבל.

פאָליע קראַוועצ האָט זיכ געקאָנט פארגינענ צו זיינ א מעצענאט אונ באַלצדאָקע. אויסער וואָס ער האָט באַגייט גאַנצ נאַטשאַלסטווע אינ שטאָט אונ פריצימ צוואַנציק מײַל ארומ שטאָט — האָט ער נאָכ גענומענ פאָדריאַדנ באַנייענ די גאָרדאָוואָיענ, די וועכטער פונ אָסטראָג, די שטאָטישע פײַערלע־שער, די קוריערנ פונ דער וואָינסקער פריסוטסטווע, פונ דער גימנאַזיע אונ פונ דער פאָליצײַ.

פאָליע איז פארוואָרפנ געווענ מיט ארבעט א קײַלעכדיק יאָר, געפירט, קאָנ מענ זאָגנ, א גאַנצ פאבריקל מיט וואָסערע צענ־צוועלפ געזעלנ אונ עטלעכע לערנ־ייִנגלעכ, אכוצ, וואָס ער האָט פראָסטערע ארבעט ארויסגע־געבנ כאַלופניקעס, אָרעמע שנײַדערלעכ, אהיימ.

פאָליע איז געווענ אנ ארײַנגייער צו פריצימ, אנ אייגענער מענטש בא נאַטשאַלסטווע, אנ אָנפארטרויטער באמ סאַמע איספראַווניק. קליינע טשינאָווניקעס, לערער פונ גימנאַזיע אונ פאַראָרעמטע פריצימ, וואָס האָבנ בא אימ געניײט אפ באָרג אונ שלעכט געצאָלט כויוועס, האָבנ אימ אפילע אָנגעטאָנ דעמ קאָוועד צו קומענ צו אימ שאַבעס אפ ייִדישע געפילטע פיש מיט רו־סישנ בראָנפנ.

צוליב זײַנ נאָענטקײַט צו נאַטשאַלסטווע, איז פאָליע שוינ אויכ געווענ א שטיקל מאַכער. האָט א ייִד געדאַרפט „ארײַנמאַכנ" א קינד אינ גימנאַזיע, „ארויסמאַכנ" פונ א בילבל וועגנ א פארדעכטיקער סרייפע, צערײַבנ א פראָ־טאָקאָל, א טויווע אינ פריזיוו־זאַכנ, נעמענ בא שטאָט א פאָדריאַדל, צי אנ אנדער אײַדעלע איניענ, — האָט מענ געבעטנ פאָליענ ער זאָל „פארוואָרפנ א וואָרט", ווי מע דאַרפ, האָט פאָליע געטאָנ „וואָס מע קאָנ".

קײַנ געלט האָט פאָליע פאַר אזעלכע טויוועס ניט גענומענ. ער טוט עס, האָט ער געזאָגט, פונ מיצווע וועגנ אונ, ווײַל ער האָט בעטעווע ליב טאָנ א ייִדנ א טויווע, נאָר „פאָניע" האַלט ניט פונ מיצוועס. „פאָניע" האָט ליב א קערבל. אונ פאָליע האָט, אינ אזעלכע פאַלנ, גלײַכ אָפגעשאַצט „וויפל אנערעכ דאַס דאַרפ קאָסטנ".

— איכ וועל זיכ דינגענ, ווי פאַר זיכ אליינ. א ייִדישע קאָפּיקע איז בא מיר טײַער. נאָר גלײַכער גיט עטלעכע רובל מער, וועט זיכ עס גיכער לאָזנ דורכפירנ... אז מע שמירט גוט, פאָרט זיכ בעסער.

אונ כאָטש ייִדנ מעיוכאָסימ, שיינע באַלעבאַטימ האָבנ אינ הארצנ מעוואַזע געמאַכט דעמ רײַכ־געוואָרענעמ שנײַדערוק, — האָבנ זיי אימ, פונ־דעסטווענגנ, אינ די אויגנ גערופנ „רעב רעפאָעל" אונ געזעסנ מיט אימ בא איינ טיש אינ אלע קאָהאָלשע ענינימ.

— אז איר ווילט, איז ער דאָכ קײַנ שנײַדער ניט. מער פאָדריאַטשיק, ווי שנײַדער — האָבנ אײַדעלע ייִדנ, גײַוועדיקע יאַכסאָנימ, פארענטפערט ווי קומט א שנײַדער אינ זייער אײַדעלער סוויווע.

— יענער האָט שוינ עפשער צענ יאָר ניט געהאַלטנ קײַנ נאָדל אינ האנט עס ארבעטנ אפ אימ מענטשנ.

— אונ פאָרט אנ אָפענע האַנט!

— אונ טוט אמאָל א טויווע בא נאַטשאַלסטווע — האָט יעדער געזוכט אפ אימ א באַזונדערנ זכוס.

בלויז די ארבעטער האָבן אפּ אים קיין זאַכיעס ניט געזוכט און ניט געשאנעוועט זיין קאָוועד—ניט אין די אויגן, ניט אונטער די אויגן.

פאַליע קראַוועצ איז געווען דער ערשטער און דער איינציקער אין שטאָט איינצופירן בא זיך אין ווארשטאט שטיק-ארבעט.

—בא שטיק-ארבעט איז יעדערער פון אייך באלעבאָס פאר זיך—האָט פאַליע איינגערעדט זיינע געזעלן.—ווילסטו, זיצסטו א שאָ לענגער און פאר-דינסט אן איבעריקע פאָר גילדן; ווילסטו ניט, מאכסטו שאבעס באצייטנס, וואָס ארט אייך, איר׳ט זען, אז שטיק-ארבעט וועט אייך בעסער לוינען.

און פאַליע קראַוועצ איז סטאמ ניט דער מענטש, וואָס זאָל עמעצן קריוודען.

אָבער גיך האָבן זיך די ארבעטער ארומגעזוען, אז זיי זיינען שטארק געקריוודעט. דער פארדינסט האָט זיך פארקלענערט בא וועמען אפּ א פערט-כיילעק און בא וועמען אפּ א גאנצ דריטל. פאַליע האָט געפאָדערט ארבעט „פערווי סאָרט". עפּעס ניט אזוי, איז א פּיר מיטן מעסערל איבערן נאָט, און טרעגן אופּ פון אויבן ביז אראָפּ, א דיס אָפּ א ל׳ץ און א וואָרפּ דעם אר-בעטער אין פּאָנעם אריין:

—נא, מאכ איבער! אזוי וועסטו נייען פאר דאָרפישע כאסאנים. פּאָ-לי קראַוועצ נייט ניט פאר אייערע פארדריפּעטע יינגלעך—פאר פּריצים נייט ער, פאר נאטשאלסטווע! פון מיין ווארשטאט לאָז איך ארויס ארבעט נאָר פערווי סאָרט!

פאר איבערמאכן האָט ער, פארשטייט זיך, ניט געצאָלט.

—וואָס ארט אים, אז איך׳ל דריי מאָל איבערמאכן. ס׳קאָסט אים עפּעס, וואָס?

—מיט זיין טאָג כעיונע איז ער שוין דאָך באוואָרנט.

—אפּילע אפּ אויספּיינען זיך מיט שיינע נעדאָוועס אויכעט.

—א באלצדאָקע אפּ יענעמס קעשענע...

—ער שטעלט זיך ברייט, שטעלט ער זיך, א רועך אין דעם פּעמפּיקס טאטנ אריין!—האָבן די ארבעטער געקילט די הערצער.

שלוימקע „דארער פויגל"—א באָכער, וואָס איז שוין געווען אין קאטע-רינאָסלאוו און האָט דאָרטן באזוכט א קרייזל, ווו מע האָט געלערנט מיט ארבעטער „פּאָליטישעסקע עקאָנאָמיע"—האָט ניט איינמאָל געפּרווט דער-קלערן פאר זיינע כאווירים אין ווארשטאט דעם עקספּלואטאטאָרישן מעהוס פון זייער באלעבאָס, וואָס לעבט פון דער „פּריבאוואָטשנער סטאָימאָסט", דעם מערווערט, וואָס זיי, די ארבעטער, ברענגען אים אריין. נאָר זימל דוואָ-שעס, דער עלטסטער ארבעטער אין ווארשטאט, אן אויסגעטריקנט מענטשל מיט א שיטער בערדל, ווי פון טרוקן שטרוי און מיט פארזשמורעטע קראנקע אויגן הינטער ברילן מיט דאָפּעלטע גלעזער,—קאָן ניט פארליידן שלוימקעס געלערנטע ווערטער.

—וואָס דרייסטו מיר א יארמעלקע מיט דיין לאטייניש און פראנצוי-זיש, וואָס? עקספּלואטאטאָר-שמאטאטאָר, פּריבאוועצנע-סטאבאוועצנע! איך׳ל דיר זאָגן אין פּראָסט מאמע-לאָשן ווער פאָלקע איז געווען און ווער ער איז: א פּארך און א סוואָלאָטש, א נאכאל און אן אָבערלעקער, א יאבעדניק און א יאטיעבעדאמניק, א פּיאווקע און א טשאכאָטקע פאר א נאש-בראט ארבעטאָ-

רער—אָט האָסטו דיר דעם גאנצן פּאָלקען, ווי אפן טעלער, אָן לאטיין און אָן פּראָווינציאַליזם!...

א טרייסל מיט קאָפּ, און די ברילן פאלן צוריק פונעם שטערן אפן נאָז.

כעוורע איז צופרידן.

—איי, זימל! אָפּגעמאָלט פּאָלקען, ווי אפ א פּאָרטרעט... זימל פארזשמורעט די קאַליע אויגן און, אריינציענדיק א פאָדעם אין נאָדל, רעדט ער ווייטער, שוין אָן „כאָכמעס”, אָבער ניט ווייניקער פארביטערט:

—פופצן יאָר זיצ איך אָט-אָ-דאָ-אָ, בא פּאָלקען אונטער טיש, די פיס אונטער זיך. און וואָס האָב איך אָנגעלעבט פאר די פופצן יאָר, און וואָס האָט פּאָלקע גאנעף אָנגעלעבט! ער פארמאָגט א גרויסע שטוב מיט מעבל, מיט פּיאנעס, מיט דיוואנעס, מיט קאַרטינעס, מיט די כאַליעריע וויים אים וואָס! און וואָס פארמאָג איך, וואָס?—גערידן מיט טשאכאָטקע און שלאָפּע אויגן אן אויסגעטריקנטע צונגע,—אָט האָט איר אייך מיין גאנצ פארמעגן!... פּאָלקעס יינגלעך לערנען זיך אין גימנאזיע ווי די פּאָניטשעס, און מיינע לויפן באָרוועסע אין טאַלמעטוירע; פּאָלקעס וויב גייט ארויס אפילע אינמיטן וואָך אויסגעפוצט ווי א סראָרעסטע, און מיין דאָבע האָט ניט מיט וואָס דאָס לייב צודעקן אפילע שאבאָסים... איך און פּאָלקע זיינען ביידע אין איינע יאָרן—צוויי און פערציק יאָר געוואָרן כאלעמויד סוקעס—ביידע אין איינ צייט געלערנט די מעלאָכע בא יאשע ברייגדלס, און זעט ווי פּאָלקע זעט אויסעט און ווי איך זע אויס! סע רינט דאָך פון אים שמאלץ, רינט פון אים! א זאַטער, אַן אויסגעפּאשעטער, מיט א בויך, מיט א באָרד, ווי בא א יעניראַל! און בא מיר וואָס?—גיט זימל א ציפּ זיין שטרויענ בערדל מיט ביטל און כּאראכטונג, ווי אָט דאָס שטרוי-פארביק בערדל זיינס וואָלט סימוואָליזירט דעם גאנצן דאלעס און די גאנצע בישוטיקייט זיינע.

גידעריך אָנגעבויגן איבער דעם שטיקל ארבעט, נייט זימל א ווײַלע שווייגנדיק, נאָר אפן הארצן איז אים אָנגעזאָטן:

—ביישער—הייבט ער ווידער אָן, ווי ער וואָלט גאָרניט איבערגעריסן דעם שמועס,—ביישער פּאָלקע-גאנעף איז אוועקגעפאָרן אפ א יאָר קיין וואַרשעוו און איז געקומען צוריק מיט א ליגן, אז ער'ט זיך געלערנט קראָי אין א בערלינער אקאדעמיע צי אין ברעסלאָוו—די כאָליעריע וויים אים!—איז דעריבער וואָס?—מעג ער דען פון אונדז די קישקעס אויסמאָטעווען? כ'מאב נאָך איצט אויך א שטיקל ארבעט בעסער פון אים. כאָטש איך בין אין וואַרשעוו ניט געווען און קיין ליגנס וועגן בערלינער אקאדעמיעס ניט אויסגעטראכט.

זימלס פּאָשעטע רייד דערגייען צו די ארבעטער אין וואַרשטאט בעסער ווי שלוימקעס „געלערנטע” ווערטער. עס הייבט זיך אָן אן אלגעמיינע ריידעריי וועגן די קליינע פארדינסטן, וועגן פּאָליעס טשעפען זיך צו דער ארבעט, וועגן דער „נייער מאָדע”, וואָס ער האָט איינגעפירט—„שטיק-ארבעט גאָר”. קיינמאָל פון אזעלכע זאכן ניט געוווסט. א ניכפּע אין זיין טאטנ אריינ!”.

ווען פּאָליע קומט אריין אין וואַרשטאט, הערן די רייד אופּ, נאָר קיינער צו „נעמען אים די לעבער”, באווייזן אים, אז „מע האָט אים אין דער ערד”—צעזינגט זיך דער גאנצער וואַרשטאט אפן קאָל:

דו גייסט ארומ-און-ארומ די פּע-ווע-ענצטער,

דו מיינסט, אז איך וועל ארויס צו די־י־יר,
אוי, גע־ווא־אאלד, צי דען בין איך דער שע־ווע־וועענ־סטער,
וואָ־וואָס ט׳צעכ איַין־גע־ליבט אין מיר...

צעזונגענ זיך, די לאפעטוטנ! זעט בעסער מאכנ א שטיקל ארבעט, איר זאָלט האָבנ מיט וואָס צו גיינ פרייַטיק אהיים—גיט פאָליע א זאָג. א פּאָכ מיט דער ברייטער באָרד און גייט ארויס פונ ווארשטאט.

אפצולאָכעס באגלייט אימ כעוורע מיט נאָכ א העכערנ געזאנג:
אָנגע־קו־ווווו־וושט און אָנגעהא־ווא־וואלזט
און דער פּאָ־וו־וואָ־יעזד שטייט נאָכ אלצ...

—לאָפּטשע די גאל!—גיט א זאָג איינער פונ די עלטערע לערנ־ייִנגלעכ, ווי נאָר די טיר פארמאכט זיך הינטער פאָליענ. און דער גאנצער ווארשטאט קוועלט פונ נאכעס, ווי דאָס ייִנגל וואָלט עס וויניקסטנס ארייַנגעזאָגט דעמ באלעבאָס גלייַכ אינ די אויגנ ארייַנ.

## .2

געהייסנ האָט עס, אז דער שטרייַק האָט אויסגעבראָכנ איבער דעמ, וואָס פאָליע האָט צעמאזיקט א לערנ־ייִנגל. פאָליע האָט דערלאנגט א טראסק שמוליקנ, דעמ ייִנגסטנ לערנ־ייִנגל, דאָס מאָל איז פאָליעס האנט געפאלנ שווערער, ווי געוויינלעכ. דער צוועלפ־יאָריקער שמוליק איז א פאל געטאָנ מיטנ פּאָנעמ אפנ הייסנ פּרעס־אייַזנ, וואָס ער האָט געהאלטנ אינ פאנאנדער־בלאָזנ, און האָט זיך צעבלוטיקט די נאָז.

שלאָגנ לערנ־ייִנגלעכ איז ניט געווענ אזא אומגעוויינלעכע זאכ, ניט פאר די ייִנגלעכ, ניט פאר פאָליענ, ניט פאר עמעצנ אנדערש אינ ווארשטאט, מע זאָל דערפונ מאכנ א גרויס ווענ. יעדערנ פונ זיי האָט מענ אינ זייַנ צייַט געשלאָגנ. פעטש און סטורכאטשעס איז געווענ א באשטאנד־טייל פונ דער לערע, ווי טראָגנ וואסער, ווי שלעפּנ פאָמאָיניצעס, ווי ניאנטשענ דער באלע־באָסטעס קינד, ווי אלע אנדערע שווערע און שמוציקע ארבעטנ, מיט וועלכע לערנ־ייִנגלעכ האָבנ געצאָלט פאר אויסלערנענ די מעלאָכע. אָבער דער בי־טערער פארדראָס און סינע, וואָס האָט זיך שוינ לאנג אָנגעקליבנ אינ די הערצער פונ פאָליעס געזעלנ קעגנ אימ, האָט איצט באמ אָנזעענ פונ דעמ צעבלוטיקטנ און כליפּנדיקנ ייִנגל, געפונענ אנ אויסוועג.

—פּאוואָליע מיט די הענט, באלעבאָס—האָט זימל, ארומווישנדיק דאָס בלוט פונ ייִנגלס פּאָנימ, א זאָג געטאָנ.—בייַשער ער איז א יאָסעמ, קאָנ מענ אימ דענ מיימעסנ צומ טויט, וואָס? בלוט איז ניט וואסער, פאָליע.

פאָליע איז אנ אופגעקאָכטער געוואָרנ. ער ווייס, אז הינטער די אויגנ שפעטנ זייַנע מענטשנ פונ אימ אָפּ, שעלטנ אימ אינ דער מאמענ ארייַנ און ווינטשנ אימ דעמ טויט צענ מאָל א טאָג. ער מאכט זיך ניט ווויסנדיק, ווענ זיי צעזינגענ זיך אימ אפצולאָכעס יעדעס מאָל, ווענ ער קומט ארייַנ אינ ווואר־שטאט. אָבער זאָגנ אימ דייעס, ווי צו פירנ זיך בא אימ אינ ווארשטאט, ער זאָל שוינ ניט טאָרנ אויספאטשנ א סמארקאטנ לערנ־ייִנגל—דאָס וועט ער ניט דערלאָזנ!

—כ׳פרעג בא דיר ניט!—האָט ער אָפּגעהאקט—דערווייַל בינ איך נאָכ דאָ באלעבאָס. זימל האָט א רוק ארופ געטאָנ די ברילנ אפנ שטערנ.

—ווערסט פרעגנ, פאָליע! וועסט זענ, אז דו וועסט פרעגנ.

מאָליעס דיקער קארק האָט זיך אָנגעגאָסן מיט בלוט ביז צו די סאמע אויערן:

—מאך צו דעם פראנצעוואטן מויל דײַנעם, דו הערסט וואָס איך זאָג דיר! אז ניט ווארפ איך דיך ארויס אפ צוויי שפּענדלעך. שוין לאנג געקליבן זיך דורכטרײַבן דיך צו אלדע שווארצע יאָר. דו זעסט דאָך שוין באלד ניט וויאזוי א נאָדל-פאָדעם ארײַנציען, בלינדער טשאָרט דו איינער!

זימלס שיטער בערדל האָט א ציטער געטאָן.

—אפ דיר אויסגעבלענדט די אויגן, פאָליע,—אפ דיר, ניט אפ קיין אנדערן,—האָט זימל באטאָנט א זאָג געטאָן, זשמורענדיק די קאליע אויגן אָן ברילן אפ פאָליען.

—איז גענוג זאָל זײַן צו בלענדן אפ מיר די אויגן! די מינוט פארנעם זיך פונדאנען! טאקע די מינוט, דו הערסט, וואָס איך זאָג דיר?—האָט פאָליע צעשריען זיך.—ווּעסט קומען פרײַטיק, וועל איך דיר אויסצאָלן, וואָס סע קומט דיר ארויס פון מיר, און דערווײַל—וואָן פון דאנען!

זימל האָט ניט געענטפערט. בלויז זײַן בערדל האָט געציטערט און זײַן פארלאָרענער בליק איז אומגעלאָפן פון איין געזעל צום צווייטן, ווי ער וואָלט זיי אײַנגלאדן צו זײַן איידעס, אפ וואָס פאָלקע-גאנעף איז גערעכט. „טאקע העפּקער א וועלט? וועט זיך טאקע קיינער פאר מיר ניט אײַנשטעלן”—האָט זײַן קרומער שמייכל, אָן ווערטער, גערעדט.

דער גאנצער ווארשטאט האָט אינערלעך אָנטיילגענומען אין דעם צוזאמענשטויס צווישן זימלען און דעם באלעבאָס, און יעדער אפ זײַן שטייגער האָט דערויף רעאגירט. די עלטערע ארבעטער האָבן נידעריקער אָנגעבויגן זיך איבער דער ארבעט מיט צונויפגעדריקטע ליפּן און האָבן גיך-גיך געניייט, ווי זיי וואָלטן מיט דער פארשנעלערטער באוועגונג פון האנט געוואָלט פארטרײַבן אין זיך דאָס געפיל פון אופרעגונג און פּראָטעסט, וואָס פאָליעס „הינטישע שטיק” האָבן אין זיי דערוועקט. צו דער זעלבער צײַט האָבן זיי גוט געדענקט, אז ס'איז „גלײַכער ניט ארײַנמישן זיך”. יינגערע בעוורע, פארקערט, האָבן אינגאנצן אָפּגעלייגט די ארבעט אָן א זײַט און אָנגעשטרענגט געווארט „מיט וואָס וועט זיך עס ענדיקן”. זיי האָבן געוווסט, אז זימל שעמט זיך ניט דערמאָנען דעם באלעבאָס די צײַטן, ווען זיי האָבן ביידע געטראָגן פּאָמאָיעניצעס בא יאָשע ברײַנדלס, און ארײַנזאָגן אים אין דער לעבער ארײַן. אָבער איצט איז דער צוזאמענשטויס אוועק צו ווײַט, ער זאָל זיך ענדיקן מיט גאָרניט, ווי געוויינלעך.

—אויסגעזויגן בא מענטשן דאָס לעצטע טראָפּן קליאָק און דערנאָך—וואָן!—האָט שלוימקע „דארער פויגל” דער ערשטער אײַנגעשטעלט זיך פאר זיסלען.

ווי א דונער לאָדט אויס די אָנגעלעקטריזירטע לופט, אזוי האָבן שלוימקעס עטלעכע ווערטער אויסגעלאָדן די געשפּאנטקײַט אין ווארשטאט. די שטילקײַט, וואָס האָט זיך אײַנגעשטעלט נאָך פאָליעס קאָמאנדע: „וואָן פון דאנען”!, איז איבערגעריסן געוואָרן. די, וואָס האָבן ביז איצט האסטיק געניייט, ווי זיי וואָלטן קײַן זאך ניט געזען און ניט געהערט, האָבן אראָפּגעלאָזן די שטיקלעך ארבעט אפ די קני און אָנגעשטעלט זייערע בליקן אפ פאָליען מיט זימלען, ווי זיי וואָלטן ערשט איצט געכאפּט זיך, אז דער שטרײַט צווישן זימלען און דעם באלעבאָס איז אויך זייער שטרײַט,

אלעמענס שטרײַט. אפילע יונע דער זשילעטניק, וועלכנ פּאָליע האָט געהאלטנ אינ אײנ דערמאָנענ, אז ער האלט אימ נאָר פונ ראכמאָנעס וועגנ—„ס׳איז מיר א ראכמאָנעס אפ דײַנ ווײַב אינ קינדער“,—אפילע יונע האָט אפ אײנ מינוט אופגעהערט צו שטעפּנ אפ דער מאשינ אונ, אומקערנדיק דעמ קאָפּ אהינטער, פארגאנוועט אונ האלב דערשראָקנ, געוואָרפנ בליקנ פונ פּאָליענ צו שלוימקענ אונ פונ שלוימקענ צו פּאָליענ.

פּאָליע האָט דערפילט, אז דער צוזאמענשטויס האָט דערגרייכט אזא מאדרייגע,—ווענ אָדער מע דארפ אימ גלײַכ איבעררהאקנ, אָדער ער וועט אָנעמענ אזא ווענדונג, וואָס וועט פאר אימ איצט ניט לוינענ. אונ כאָטש דאָס בלוט האָט אינ אימ געזאָטנ פונ דעמ „יונגס כוצפּע“, האָט ער אינ זיכ פארשטיקט דעמ קאעס אונ, ווי ער וואָלט ניט צוגעגעבנ שלוימקעס רייד קײנשום באדײַטונג, האָט ער א זאָג געטאָנ:

—אז מ׳וועט דיכ דארפנ, וועט מענ דיכ שיקנ רופנ, שלוימקע. דערווײַל נעמ אײַנ א פּאָרציע שטומעניש אונ טו דײַנ ארבעט.

אָבער שלוימקע האָט ניט געוואָלט שווײַגנ. ער איז א „סאָזנאטעלנער“ ארבעטער, אונ א „סאָזנאטעלנער“ ארבעטער שווײַגט ניט. ער וועט ווײַזנ פּאָלקענ דעמ עקספּלואטאטאָר, אז „מיט ארבעטער וואָרפט מענ זיכ ניט“.

אזש בלייכ ווערנדיק פונ אופרעגונג אונ אייגענער געוואגטקייט, האָט ער גלײַכ אָפּגעענטפערט:

—אפ זאָגנ דעמ עמעס וועל איכ בא קײנעמ קײַנ ראזרעשעניעס ניט בעטנ. איכ זאָג אײַב נאָכאמאָל: פּופּצנ יאָר עקספּלואטירנ אנ ארבעטער, מאכנ אימ פאר א האלבנ אינוואליד אונ דערנאָכ ארויסוואָרפנ אימ אפ דער גאס נאָר דערפאר, וואָס ער לאָזט ניט איזדעקעווענ זיכ איבער א לערנ־יינגל,—איז די סאמע פּאָסליעדנע פּאָרמע פונ בלוט-זויגערײַ אונ עקספּלואטאציע...

גרויסע טראָפּנס שווייס זײַנענ ארויסגעטראָטנ אפ פּאָליעס גלאנצנדיקנ שטערנ—אזוי אומגעריכט איז פאר אימ געווענ דעמ יונגס אומדערהערטע כוצפּע. דערהויפּט אופרעגנדיק האָבנ אפ אימ געווירקט די אומפארשטענדלעכע פאר אימ ווערטער „עקספּלואטאטאָר“, „עקספּלואטירנ“... אונ כאָטש ער האָט געפילט, אז עס וועט זיכ ענדיקנ מיט א סקאנדאל, האָט ער זיכ שוינ מער ניט געקאָנט אײַנהאלטנ.

—פארשטאָפּ דעמ פּאסקודנעמ פּיסק דײַנעמ, דו שטינקענדיקער טכויר! אז ניט נעמ איכ דיכ אָנ פארנ קארק אונ ווארפ דיכ ארויס צוזאמענ מיטנ בלינדנ קאליקע—האָט פּאָליע אזש פארשטאמלט זיכ פונ גרויס אופרעגונג.

—ווארפט זיכ ניט אזוי. ווארפט זיכ ניט אזוי, גאָספּאָדינ קראוועצ! זעט אפריער, צי מיר וועלנ נאָכ וועלנ ווײַטער ארבעטנ בא אזא עקספּלואטאָר, בא אזא קראָוואָפּיוועצ, ווי איר זײַט.

ווי אפ א שרויפ האָט זיכ פּאָליע א דריי אומ געגעבנ ארומ זיכ, אונ אויסער זיכ פונ קאעס אונ אופרעגונג, האָט ער זיכ, אפ א פאלצעטל, וואָס האָט זיכ גאָר ניט געפּאסט צו זײַנ גרויסנ שווערנ גופּ, צעשריענ:

—אז איכ וועל דיכ, פארשיווער סיצעליסט, דורכטרײַבנ, וועט דאָכ דיר קײנער קײנמאָל קײַנ שטאָכ ארבעט ניט געבנ. געדענק וואָס איכ זאָג

דיר: דו וועסט נאָכ אינ אָסטראָג פּאַרפוילט ווערנ פאַר דײַנ כאָציליסטישער בילעריי, וועסט זענ!

דער געדאַנק, אַז ער טרעט דאָ אַרויס ווי דער אָנפירער פונ אַרבעטער אינ א קאָנפליקט מיט אַנ אונטערנעמער, האָט געשטויסנ שלוימקענ אָפּ געוואַגטקייט ביזנ סאָפּ.

—מע ווייס, אַז פּאָלקע קראַוועצ קענ אונטערזאָגנ, ווו מע דאַרפ—האָט ער פילבאַדייטנדיק געענטפערט:—נאָר איר ווייסט וואָס מע טוט מיט דאָנאָשמטשיקעס?—ער האָט אָנגעשטעלט א פאַרזשמורעט אויג אָפּ פּאָליענ.

פּאָליע איז אַזש אופגעשפּרונגענ פונ אָרט.

—סטראַשעסט מיכ? זײַט איידעס, אַז ער סטראַשעט מיכ צו דערגענ!—האָט ער זיכ א קער געטאָנ צו די אַרבעטער אינ וואַרשטאַט.

אונ, ערשט איצטער, באַמערקנדיק, אַז קיינער אינ וואַרשטאַט אַרבעט ניט, האָט ער זיכ צעשריענ:

—וואָס׳ט איר אויסגעלופּעט די אויגנ וואָס, לאַפּיטוטנ! נעמט זיכ צו דער אַרבעט! אונ מיטנ פּאַרשיוונ סיצעליסט וועל איכ זיכ שוינ אַליינ ספּראַווענ די מינוט וואַרפ איכ אימ אַרויס פונ מײַנ שטוב. וואָנ, אַרויס פונ דאַנענ! דײַנ וואַניע זאָל דאָ ניט בלײַבנ, דאַרער טכויר וואָס די ביסט!—האָט ער זיכ א וואָרפ געטאָנ צו שלוימקענ.

—שאַ, וואָס טרײַבט איר זיכ אַזוי? וואָס׳ט ער דאָ אַזוינס געזאָגט, וואָס׳, ס׳איז עפּשער ניט עמעס, וואָס?—האָט עמעצער פונ דער זײַט א זאָג געטאָנ.

איצט האָט שוינ פּאָלקע גאָרניט געוווסט וואָס צו טאָנ. פאַרלאָרנ איז זײַנ גליק אומגעלאָפנ פונ איינ געזעל צומ צווייטנ, זוכנדיק כאָטש אינ איינעמ פונ זיי א שטיקל שטיצע פאַר זיכ. אָבער די בליקנ פונ איינע האָבנ קאַלט אונ פײַנטלעכ אָפּגעשטויסנ זײַנ זוכנדיק בליק, אונ די אויגנ פונ די צווייטע האָבנ אײַנגאַנצנ אויסגעמיטנ זײַנ בליק. אפילע יונע האָט דאָס מאָל ניט געקוקט מיט זײַנ הינטיש-אונטערטעניקנ אונ „איבערגעגעבענעמ” בליק זײַנעמ, מיט וועלכנ ער האָט געווײַנלעכ געקוקט אָפּ זײַנ באַלעבאָס.

שלוימקע האָט דערפילט, אַז איצט איז אָנגעקומענ דער אַנטשיידענער מאָמענט. א קער אומ געבנדיק צו די טישנ, אָפּ וועלכע אַלע זײַנענ נאָכ געזעסנ מיט די פיס אונטער זיכ אונ מיט די שטיקלעכ אַרבעט אָפּ די קני, האָט ער, מיט א קלינגענדיקער שטימ, ווי ער וואָלט גערעדט פאַר א גרויסנ אוילעמ, אויסגערופנ:

כאַווייריִמ אַרבעטער! לייגט נעמעדליענאָ אַוועק די אַרבעט, אונ זאָל פּאָלקע זענ, ווער פונ וועמענ לעבט: מיר פונ אימ, אָדער ער פונ אונדז.

—אָביאַווענ א זאַבאַסטאָווקע, ניעמעדלענע א זאַבאַסטאָווקע! האָבנ אונטערגעכאַפּט די יונגע געזעלנ.

קווינקלענדיק האָבנ אויכ די עלטערע אַרבעטער אַוועקגעלייגט די אַרבעט אָנ א זײַט אונ אומגערנ אָפּגעשפּאַרט זיכ פונ די טישנ...

—איר, ווי איר ווילט זיכ—איכ מאַכ קײַנ סטאַטשקעס ניט,—האָט יונע געוואָרפנ א פאַרגאַנווענ בליק צומ באַלעבאָס. א דריי אומ געגעבנ זיכ צו דער מאַשינ גרייט ווידער אָנהייבנ נייענ.

—לייג אַוועקט די אַרבעט, אַז ניט פּלעט איכ דיר מיט אַנ אײַזנ דעמ מויעכ!—האָט בענטשיק, דער עלטערער לערנ-יינגל, אומגעריכט פאַר אַלעמענ א וואָרפ געטאָנ זיכ צו יונענ.

—קוקט אים נאָר אָנעט, דעם סמארקאטש! ער אויכעט! א נײַער זאַבאסטאָווטשיק. דו׳סט געבן מײַנע קינדער עסן, וואָס?

אומצופרידן וואָרטשענדיק, האָט ער זיך, פונדעסטוועגן, אופגעהויבן פון אָרט, ווידער ווארפנדיק א בליק צום באלעבאָס, ווי ער וואָלט געזאָגט: זעסט דאָך, אז ס׳איז ניט מײַן שולד, נאָר וואָס קען איך טאָן מיט די היצעלעס? בא זיי איז רעכט הארגענען א מענטשן אויך...

—ווארט, דו קרעציקע צויג! איך׳ל דיר ווײַזן ווי צו מאכן זאבאסטאָווקעס! מ׳וועט ניט וויסן, ווו דײַן געביין איז אהינגעקומען, וועסט שוין זען, פארשיווער סיצעליסט! און איר, לאפיטוטן — האָט פאָליע זיך א קער געטאָן צו די איבעריקע ארבעטער,—איר וועט נאָך מיר צו די פיס פאלן, איך זאָל אײַך נעמען צוריק צו דער ארבעט, איר׳ט שוין זען!

—מ׳האָט דיך אין דער ערד, פאָלקע—האָט מען אים אָפגעענטפערט שוין פון יענער זײַט טיר.

דער שטרײַק, דער ערשטער שטרײַק אין שטאָט, האָט זיך אָנגעהויבן.

## .3

ס׳איז געווען א זעלבסטפארשטענדלעכע זאך, אז שלוימקע זאָל ווערן דער אָנפירער פון שטרײַק. נאָר וואָס עס איז פאר אלעמען געווען פולשטענדיק אומגעריכט איז דאָס, וואָס זימל דוואָשעס, א מענטש שוין אין די פופציקער און א טאטע פון מער קינדער, ווי ער איז אימשטאנד געווען צו דערגערן,—איז געוואָרן שלוימקעס רעכטע האנט און דער סאמע פײַערדיקער שטרײַקער.

—רויט אָדער טויט—האָט געמאָלדן זימל.—אָדער מירן בויגן פאָלקעס אָקסענעם קארק, אָדער ער׳ט אונדז אלעמען ברעכן די קארקן. אָט זעט, כעוורע, גארטלט זיך אונטער, אז קײַן איין נאָט זאָל בא אונדז ניט פלאצן.

זימל האָט געפאָדערט מע זאָל ארויסרופן אלע שנײַדער-געזעלן אין שטאָט אפ א שטרײַק. ער מיט שלוימקען ווען גיין שאבעס אין דער שנײַדער-שול אגיטירן די שנײַדער-געזעלן פאר אן אלגעמיינעם שטרײַק פון שנײַדער... נאָך בעסער וואָלט געווען—אָרגאניזירן אלע פויעלים אין שטאָט—ניט דאווקע שנײַדער—לויט די צעכן, און זיי זאָלן פארשטרײַקן ביז פאָליע וועט ניט נאָכגעבן די פאָדערונגען פון זײַנע מענטשן.

—אָט לאָמיר זיך אראָפנעמען א פרימער פון אונדזערע באלעבאטים—האָט געטײַנעט זימל.—זיי, נישקאָשע, האָבן שוין לאנג פארשטאנען צו אָרגאניזירן זיך פאָ צעכאמ: זיי האָבן א שנײַדערשע שול, א קירזשנערשע שול, א קאצאָווישע, א שמידישע, א גארבערשע שול. יעדער פאך האָט זיך זײַן שול. איז וואָס מיינט איר: ס׳איז נאָר, ווײַל שנײַדער ווילן דאווענען דאפקע מיט שנײַדער און קירזשנער מיט קירזשנער? ניין, ברידערלעך, דאָס איז אָרגאניזאציע! זיי ווילן האָבן אן אָרט ווי צוזאמענריידן זיך, וויאזוי בעסער ציען פון אונדז דעם קליאָק—אָט וואָס ס׳איז די שולן זייערע פאָ צעכאמ!... און מיר ארבעטאָרער, וואָס מיר פראווען שאבעס יעדער פאר זיך, דאָס ברידערלעך, טויג ניט. א ווסעאָבשע זאבאסטאָווקע אי ניקאקיך!—האָט זימל געפאָדערט.

—און ביזוואנען וואָס ווען, דארף מען ארויסשטעלן כעוורע, וואָס זאָלן אכטונג געבן, קיינער זאָל זיך ניט דערוועגן גיין ארבעטן צו פאָלקע גאנעוו.

—גיין ברעכן שויבן בא פאָלקען—האָט עמיצער פאָרגעשלאָגן.

— און קעפּ בא שטרײַק-ברעכערס, אויב ס׳וועלן זיך געפינען אזעלכע פּארכעס.

נאָר שלוימקע האָט זיי אָפּגעקילט.

— קאָכ זיך ניט, זימל. אז דו וועסט זיך צופיל פּארמעסטן, וועט די גאנצע זאכ אראָפּ פונ דער מאָס. לאָמיר אָקאָרשט ברעכנ פּאָליען, דעמלט וועלנ די פּאָלקעלעכ בעמיילע געבראָכנ ווערנ.

און פונ ברעכנ קעפּ און שויבנ זאָל מענ אפילע ניט ריידנ.

— פּאָלקע איז דעמ איספּראַווניקס האַנט פאר וויאטקעס, ער איז א גאנצער שמעלקע מיט די זשאנדארמענ, וועט איר אימ גיינ ברעכנ שויבנ. יענער ווארט נאָר, מיר זאָלנ אימ צעברעכנ עטלעכע שויבנ, ער זאָל קענענ צעברעכנ אונדזער שטרײַק. נאָר רויִק און אויסגעהאלטנ, רויִק און אָרגאניזירט. אינ קאטערינאָסלאוו איז אויכ געפּירט געוואָרנ א שנײַדערשער שטרײַק, און זיי האָבנ דעמ שטרײַק געוווּנענ.

צו רויִקייט און פּאָרזיכטיקײַט האָט אויכ גערופנ יעפימ ריפּס, א באלעבאטישער באָכער, וואָס איז געווענ א יאָר אינ דער שווייצ און האָט זיכ, אפ דעמ סמאכ, געהאלטנ פאר א גרויסנ רעוואָליוציאָנער.

— לעגאלע מעטאָדנ פונ קאמפּ, — האָט ריפּס אינ דעמ טאָנ פונ א לעקציע געלערנט די שטרײַקער, — וועלנ פאר אײַכ געווינענ די סימפּאטיעס פונ דער געזעלשאפט, וואָס איז זייער א וויכטיקער פאקטאָר אינ א קאָנפליקט צווישנ ארבעט און קאפּיטאל, טעראָר, פארקערט, וועט אײַכ, פונ איינ זײַט, צעקריגנ מיט דער געזעלשאפט און, פונ דער צווייטער זײַט, ברענגענ אײַכ אינ א שארפנ צוזאמענשטויס מיט דער מאכט, וואָס עס לוינט פאר אײַכ ניט פונ קיינשומ שטאנדפּונקט...

שלוימקע, זימל און ריפּס האָבנ אויסגעארבעט פאָדערונגענ און דערלאנגט פּאָליענ:

אָפּשאפנ שטיק־ארבעט און צוריק איינפירנ וואָכ-לויג.

אײַנפירנ א צענ-שאָעדיקנ ארבעטס-טאָג.

אָפּשאפנ ארבעט אינ ווינטערדיקע שאבעסצונאכטס פאר די ניט-דערארבעטע שאָענ אינ די ווינטערדיקע פרײַטאָקנ.

צונעמענ צוריק אפ דער ארבעט אלע שטרײַקער.

ניט שלאָגנ און ניט זידלענ די לערנ-ייִנגלעכ. ניט באנוצנ זיי פאר שטוב-ארבעט. לערנענ זיי די מעלאָכע גלײַכ פונ אָנהייב לערע. געבנ זיי קעסט פונ ערשטנ טאָג אָנ, און אָנהייבנדיק פונעמ דריטנ יאָר לערע צאָלנ זיי געהאלט ניט ווייניקער ווי א רובל א וואָכ.

## 4.

פּאָליע האָט געלאָזט אינ גאנג זײַנ גאנצע נאָענטקײַט צו נאטשאלסטווע אפ צעברעכנ דעמ שטרײַק.

דער איספּראַווניק האָט דורכ א גאָרדאָוואָי געלאָזט ברענגענ צו זיכ שלוימקענ און געראטנ אימ „ווי א פרײַנט“ וואָס גיכער מאכנ א סאָפּ צו דער זאבאסטאָווקע. ער ווייסט, האָט ער געזאָגט, אז ער, שלוימקע, איז דער קאָנאָוואָד, דער גאנצער אָנפירער בא די באָסיאקעס, און ער וואָלט אימ געקאָנט אופדרייענ ווי א בייגל איינס און צוויי. נאָר ער האָט ראכמאָנעס אפ זײַנ מאמענ דער אלמאָנע — „אנ ערלעכע, האָרעפּאשנע ייִדישקע,

די מאמע דיינע״—נאָר צו ווייט זאָל ער ניט פארגיין. דאָ איז ניט יע-
קאטערינאָסלאוו, ווו ער, שלוימקע, האָט געקאָנט העצן ארבעטער און אָר-
גאניזירן זאבאסטאָווקעס. אין זיין שטאָט זיינען קיין זאבאסטאָווקעס קיינמאָל
ניט געווען און קאָלזמאן ער איז באלעבאָס פון שטאָט, וועלן זיי דאָ ניט
זיין. ער וועט דערצו ניט דערלאָזן! אויב קראוועצעס מענטשן האָבן גערעכ-
טע טיינעס צו זייער באלעבאָס—כאָטש ער קען פאָליע קראוועצ און ווייסט,
אז ער וועט זיינעם א מענטשן ניט קריוודען,—איז זאָלן זיי אים בעטן מיט
גוטן. ער, דער איספראווניק אליין, איז גרייט אויסצוגלייכן זיי „פאָ סאָ-
וועסטי״. אָבער זאבאסטאָווקעס—ניע פאָטערפליר—ער וועט דאָס ניט דולדן!
—האָט דער איספראווניק א ריטשע געטאָן אפ שלוימקען. וואָס, עס ווענדט
זיך ניט אָן אים? גוט, זאָל ער גיין אהיים און גוט איבערלייגן זיך: וועל-
כער קלימאט איז פאר אים געזונטער—דער היגער, צי דער סיבירער...
פשאָל!

דער זשאנדארמסקער סטארשי וואכמיסטער זאוויאלאָוו האָט מיטאמאָל
אָנגעהויבן אינטערעסירן זיך מיט ריפסן און מיט שלוימקען, און דער גע-
הילפ זיינער, דער זשאנדאר אָנופריעוו האָט געמאכט א וויזיט גרונע דער
אגונע, דעם וויבל, וואָס האָט פארדונגען איר קאמער פאר „קלאסן״, ווו
ריפס האָט געלערנט יונגען און מיידלעך רוסיש און אריפמעטיק.

—זאָל זיך מיר שטעלן דאָס מויל אָן א זייט, זאָל מיר די צונג אָפ-
דארן, אויב כ׳האָב אים געזאָגט כאָטש איין וואָרט — האָט גרונע זיך גע-
שווירן.—ער פרעגט זיך בא מיר: ווער איז אהער געגאנגען און וואָס האָט
מען דאָ בא מיר געטאָן. זאָג איך: געגאנגען זיינען אהער אָרעמע יינגלעך
און מיידלעך און גאָספאָדינ ריפס האָט זיי געלערנט—אומזיסט, זאָג איך, גע-
לערנט זיי לייענען און שרייבן... און וויטער איז זנאט ניע זנאיו אי וויע-
דאט ניע וויעדאיו, כ׳ווייס ניט פון וואָס צו זאָגן, ווייס איך ניט.

נאָר די שרעק, וואָס זי האָט געהאט, און דאָס הארץ-קלאפעניש, וואָס
ס׳האָט איר געקלאפט, וואָלט זי פאר א מיליאָן רובל ניט געוואָלט האָבן, איינ
גאָט איז איר איידעס, ווי נויטיק עס זיינען עס איר—א ווייסטע אגונע מיט
צוויי ברעקלעך קינדער, ווי צו אירע יאָרן!—געווען די דריי רובל א כוי-
דעש, וואָס מע האָט איר געצאָלט פאר צוויי מאָל א וואָך נוצן איר קאמער
פאר א קלאס...און ווערליך עס לייגט זיך אפ איר ווייבערשן סייכל, וואָלט
זי געזאָגט, אז ס׳וואָלט געווען גלייכער ריפס און שלוימקע זאָלן דערווייל
אָפּפאָרן אפ א ווילעטשקע פון שטאָט. עפעס צופיל האָט זיך דער כאזער-
שער זשאנדאר נאָכגעפרעגט אפ זיי. כאָטש זאָל איר טרעפן א דונער אפן אָרט,
אויב זי האָט אים געזאָגט וועגן זיי איין וואָרט. ווי לאנג קרענקט ער!...
ריפס, האָט זי אים געזאָגט, איז א באלעבאטיש קינד, אן איידעלער יונגער-
מאן ביז גאָר. לערנט אָרעמע קינדער לייענען און שרייבן אומזיסט...און
שלוימקע— אלעוואי זאָלן אירע קינדער ניט זיין ערגער פון אים! און ווי-
טער איז זנאט ניע זנאיו אי וויעדאט ניע וויעדאיו...

זאכארקין דער אָקאָלאָדאָטשניק, א האָדולניק פון די יידישע גאסן,
איז גאנצענע טעג ארומגעלאָפן פון פאָליעס איינ געזעל צום צווייטן און גע-
זוכט עפעס אזוינס, וואָס זאָל אים געבן א „געזעצלעכע״ מעגלעכקייט אריינ-
פאקן כאָטש עטלעכע זייערע אין אָקאָלאָדקע. אָבער צו וואָס בינדן זיך איז
ניט געווען: די שטרייקערס זיינען געזעסן יעדערער בא זיך אינ שטוב און

קיינעמ ניט געטשעפעט. בלויז אמדערנאכט פלעגנ זיי זיכ צונויפקומענ אינ דער שניידערשער שול „דאווענע מײַרעוו“... אָבער פאר גיינ אינ שול קאָנ ער זיי דאָכ ניט ארעסטירנ.

דער ראָוו האָט זיכ ארײַנגעלייגט אינ א שאָלעמ צווישנ פּאָליענ אונ זײַנע מענטשנ. אונ נאָכ מײַרעוו האָט ער דורכנ שאמעס געלאָזט רופנ צו זיכ זימלענ אונ יונענ אונ האָט אײַנגעטײַנעט מיט זיי: מײלע יענע זײַנען דאָכ העפקער-יונגען, ניט קײַנ מוירע פאר גאָט, ניט קײַנ דערעכערעצ פאר לײַטנ. אָבער זיי זײַנען דאָכ שוינ, באָרעכאשעמ, ניט קײַנ ייִנגעלעכ, טאטעס פונ קינדער, קײַנ אײנהאָרע, ווי זשע פאסט עס פאר זיי זײַנ יאדאכאס מיט די באָסיאקעס?.. אוודע קאָנ געמאָלט זײַנ, אז זיי האָבנ גערעכטע טײַנעס צו זייער באלעבאָס — האגאמ ער קאָנ זיכ ניט מעשאער זײַנ, אז רעב רעפאָעל קראוועצ זאָל עמעצנ טאָנ אנ אוולע, אנ ערלעכער מאנ ביז גאָר, א מענטש בימ אנ אָפענער האנט, א שיינער נאדווענ... נאָר איפכע מיסטאווע, דאָס אײגענע פארקערט: עס קאָנ געמאָלט זײַנ, אז ער האָט יאָ וועמענ ניט איז געקריוודעט בעשויגעג. — מיר זײַנען קיינער פונ שטרויכלונגענ ניט באוואָרנט געוואָרנ. אָבער לוי זו האדערעכ — סטאטשקעס איז ניט קײַנ ייִדישער וועג... פאראנ, א דאנק דעמ בוירע, א ראָוו בא ייִדנ, פאראנ דאיאָנימ, זאָלנ געזונט זײַנ. פאראנ אינ שטאָט קלוגע ייִדנ, מענטשנ מיט גלײַכע קעפּ, מיט יוישער. פאראנ באָרעכאשעמ, אפ וועמענ צו פארלאָזנ זיכ. אדעראבע זאָל ער קומענ צו אימ, וועט ער זיי, בעעזראס האשעמ אויסגלײַכנ אל צאד האיוישער טויוו, אפנ פײַנסטנ אויפנ אונ וועט בא זיי אפילע קײַנ פּטאק-געלט ניט נעמענ, כע-כע!...

— ייִדנ דארפנ צווישנ זיכ דורכקומענ ווי ייִדנ: באמ ראָוו, בא בוירערימ, אָבער זאבאסטאָווקעס, מערידעס — פע, כאלאָשעס! ניט קײַנ ייִדישער דערעכ...

יונע האָט זיכ פארענטפערט פארנ ראָוו:

— כ'ווייס ניט וואָס? אוודע בינ איכ א פארפאלענער; פּאָליע ט'מיכ אפנ שוועל מער ניט לאָזנ... נאָר וואָס האָב איכ געקענט טאָנ, אז זיי האָבנ מיר געוואָלט דעמ מויעכ פלעטנ, אויב כ'וועל צו זיי ניט צושטיינ.

— עט, דעמ מויעכ פלעטנ! — האָט דער ראָוו ניט געגלייבט. — לאָבוסעס זײַנען זיי טאקע גרויסע, אָבער דעמ מויעכ פלעטנ — אײטעכ! ייִדנ זײַנען גאָרניט אזעלכע גאזלאָנימ.

— וואָס הייסט, געוואָרפנ זיכ צו מיר מיט א פלעט-אײַזנ. זאָל ער זאָגנ! — האָט יונע געשטעלט זימלענ פאר אנ איידעס.

אונ ווו איז מאלכוסע דעארע, נאטשאלסטווע ווו איז, פּאָליציע, הייסט עס? — האָט דער ראָוו אלצ ניט געוואָלט אָנעמענ זײַנ טערעצ. — מע וואָלט זיכ שוינ אנ אייצע געגעבנ מיט די היצעלעס... ערלעכע ייִדנ האָבנ געדארפט גיינ אפ קידעש האשעמ אונ צו קײַנ זאבאסטאָווקעס ניט צושטיינ.

זימל איז א צעקאָכטער געוואָרנ.

— הער אופ צו בעבענ, יונע! דעמ מויעכ פלעטנ! מער ווי דו אליינ פלעטסטו זיכ דעמ מויעכ מיט אזעלכע רייד פארנ באלעבאָס אונ... אונ... אונ פארנ באלעבאָס' ראָוו, — וועט דיר שוינ קיינער ניט פלעטנ. אז מיר ווילנ, מײַנע אונ דײַנע קינדער, יונע, זאָלנ ניט אומגיינ מיט אונגעבלאָזענע בײַכלעכ פונ גאָלע קאַרטאָפל — אי דאָס ניט צו זאָגנ! — זײַנען מיר לאָבוסעס אונ באָסיאקעס, רעבע? — האָט ער זיכ א קער געטאָנ צומ ראָוו. — אדעראבע, פוילט

בא „רעב רעפֿאָעל קראוועצ״ ער זאָל פֿונ אונדז ניט ציִענ דעמ לעצטנ קליאָק, ער זאָל זיכ ניט איזדעקעווענ איבער אָרעמע לערנ-ייִנגלעכ, ער זאָל ניט שפּײַענ יונענ אינ פּאָנעמ ארײַנ 3 מאָל א טאָג, וועלנ מיר אײַכ זאָגנ א דאנק... אָבער איר וועט עס ניט טאָנ, רעבע, ווײַל „רעב רעפֿאָעל״ טוט, כאָלילע, קיינעמ קײַנ אוולע ניט... טאָ בעסער לאָזט אונדז שוינ אליינ דורכקומענ מיט אימ.

באלעבאטימ, וואָס זײַנענ געשטאנענ אונ צוגעהערט זיכ צומ ראָוושמועס מיט די „זאבאסטאָווטשיקעס״ האָבנ געקוועטשט מיט די פּלייצעס.

—א כוצפּע א ביסל פֿונ א שנײַדערוק!

—אז א באלעבאָס זאָל שוינ בא זיכ, אינ אייגענעמ ווארשטאט קײַנ דייע ניט האָבנ, איז דאָכ קאָלו קאָל האקיצימ—אויס וועלט!

—מע טאָר שוינ גאָר א סמארקאטנ ייִנגל ניט אויספּאטשנ. ס׳איז שוינ אזוינס געהערט?

—כ׳מיינ, אז עס איז העפּקער די וועלט!

—וואָס ארט אײַכ, פּאָליע קראוועצ וועט זיכ שוינ אנ אייצע געבנ מיט באָסיאקעס.

וואָס דענ. ער וועט זאָגנ דעמ איספּראווניק איינ וואָרט, וועט זײַנ אז-אָכ-אונ-וויי צו זיי אלעמענ.—האָבנ זיכ שיינע באלעבאטימ שוינ לעכאטכילע געפֿרייט אפּ דער מאפּאָלע פֿונ די „באָסיאקעס״.

אָבער פּאָליע האָט זיכ קײַנ אייצע ניט געקאָנט געבנ אונ דער איספּראווניק האָט אימ אויכ ניט געקענט העלפֿנ. דער שטרײַק האָט געטראָפֿנ פּאָליענ אינ רעכטנ ברענ פֿונ פּאריאָנטעוודיקנ סעזאָנ, אונ וועג עס האָבנ אפּ אימ געדריקט קאָנטראקטנ אפּ צושטעלנ „אָבמונדיראָווקע״ פֿאר פּאָזשארניקעס אונ גאָראָדאָוויִע אינ גאנצנ אויעזד.

פֿארטײַענדיק אינ הארצנ א ביטערע סינע קעגנ שלוימענ אונ זימלענ, די „גלאָווע זאטשינשטשיקעס״, מיט וועלכע ער וועט זיכ מיט גאָטס הילפֿ אָפּרעכענענ,—איז ער אפּנ צענטנ טאָג פֿונ שטרײַק אײַנגעגאנגענ אפּ אנ אויסגלײַכ מיט זײַנע געזעלנ.

אוואדע וועלנ אלע בא אימ צוריק ארבעטנ. ס׳וועט קלעקנ ארבעט נאָכ פֿאר צענ. א קלייניקײַט, סארא „גאָריאטשקע״ ס׳איז בא אימ איצט! צאָלנ פֿונ וואָכ—דאָס איז ער גרייט נאָכצוגעבנ, נאָר אפּ א צענ-שאָעדיקנ ארבעטס-טאָג קאָנ ער ניט אײַנגיינ. ווענ ס׳איז ניטאָ קײַנ ארבעט, קאָנענ זיי, פֿונזײַנטוועגנ, גיינ אהיימ כאָטש אָנהויב אָוונט, נאָר ווענ עס מאכט זיכ א ספּעשקע, קאָנ ער אפּנ זייגער ניט קוקנ... שאבעס-צו-נאכט ניט ארבעטנ?—די גאנצע וועלט ארבעט שאבעס-צו-נאכט... נאָר, אז זיי שפּארנ זיכ אײַנ: דאווקע ניט, איז ניט! ער איז ניט דער מענטש, וואָס זאָל זיכ שטעלנ אפּ מעלאָטשנ... וואָסי שײַעכ די לערנ-ייִנגלעכ, מעג מענ זיכ פֿארלאָזנ אפּ אימ. זיי ווייסנ אליינ אויכ, אז פּאָליע איז ניט קײַנ גאזלענ. טאָמער האָט ער ווענ ניט איז אָנגערירט א סמארקאטש, איז וואָס מאכט מענ עס דערפֿונ אזא ווענ, וואָס? וועלכער באלעבאָס גיט עס ניט אמאָל א פּאטש א לערנ-ייִנגל, אז ער פֿארדינט?.. שא, זאָל זימל זאָגנ: ווייניק פּעטש אונ קלעפּ האָבנ זיי בײדע ארײַנגעכאפּט פֿונ יאשע ברײַנדלס, בײס זיי זײַנענ בא אימ געווענ אינ דער לערע? נאָר גאָרנישט, אז זיי זאָגנ „ס׳איז ניט אמאָליקע יאָרנ״—איז ניט! גלויבט אימ, אז פֿונ הײַנט אָנ וועט ער אפּ זיי קײַנ פֿינגער ניט לייגנ, ער׳ט אפילע

אינ זייער זײַט ניט קוקנ, נאָר זיי קאָנענ זיכער זײַנ, אז קײַנ בעסערע באַלמע-לאָכעס וועלנ די ייִנגלעכ דערפונ ניט ארויסקומענ... צאָלנ די ייִנגלעכ, אָנהויבנדיק פונ דריטנ יאָר? פארלאָזט זיכ אפּ אימ, אז ער׳ט זיי ניט קריוו-דענ. פאָליע איז ניט דער מענטש, וואָס זאָל עמעצנ קריוודענ. א סאָפּ, אנ עק! זאָל מענ נעמענ צוביסלעכ בראָנפנ אונ זעצנ זיכ צו דער ארבעט!

די שטרײַקערס האָבנ געפּאָדערט א געשריבענעמ אונ געכאסמעטנ אָפּ-מאכ.

נאָכ א טאָג דינגעניש איז פאָליע אײַנגעגאנגענ אפּ אלע זייערע פאָדע-רונגענ.

איציק בראָנפמאַן

# א בריוו פון פראָנט

„שוועסטער ניט טרויער פון ווי און פון גרויל,
עס האָט מיך פארוואונדעט דעם סוינעס א קויל.
...א בייזער געוויטער, דער פראָסט אונדז פאראט,
איך לאָקער אין שנייען מיט ביקס און גראנאט.
א וואלד א געדיכטער, ס׳איז טונקל און שפעט,
איך טראָג צו מײַן ראָטע פון שטאב א פאקעט.
א טראָט נאָך א טראָט, און איך שפאן שטילערהייט,
עס קרעכצן די שטאמען, דער וועג איז פארווייט,
מע הערט ניט קיין זאלפן, קיין שטים און קיין טריט,
דער פראָסט האָט אין קייטן דעם סוינע פארשמידט,—
און, עפשער, פארטײַעט ער ליגט דאָ אין שניי?—
איז זאָל ער דאָ ליגן, ס׳וועט קומען זײַן ריי...
ווען ארויס כ׳בין פון וואלד, האָט שאריעט אפ טאָג,
א מידקייט מיך קלעמט און דאָס הארץ עפעס נאָגט...
דאָס בלוט גליט אין לײַב, און איך הער עמעץ רעדט:
„ברענג גיכער דער ראָטע פון שטאב דעם פאקעט”.
נאָר פלוצלינג א קויל טוט א פײַף אף מײַן קאָפ
א צווייטע, א דריטע. איך בויג זיך אראָפ.
פון וואלד טוט א האָגל פון פײַער א שאָט,
ווי גלײַך ס׳וואָלט געשאָסן אף מיר איטצט א וזוואָד.
און איך בין דאָ איינער, און זיי זײַנען פיל,
איך שיק איין גראנאט נאָך דעם צווייטן אין ציל,
א קויל נאָך א קויל צו דעם סוינע איך שיק,
און אָט פאל איך אום און עס לעשט זיך מײַן בליק,
א קויל בריט מײַן האנט ווי אין פײַערשן גלוט
און ס׳ריזלט אין שנייען א ריטשקעלע בלוט.
די הענט ווי פארהאקטע אין בלוטיקן ווײ,
געשווינד נעם איך לויפן אף פראָסטיקן שניי.
איך לויף און איך יאָג, און אין בלוט דער שינעל,
אויספילן מוז איך פון שטאב דעם באפעל.

איך געדענק ניט, וויאזוי כ׳בין געקומען צום אָרט,
כ׳געדענק נאָר גיזאָגט האָב איך דעמאָלט איין וואָרט:
—דעם פאקעט...

און מער האָב איך, דאכט זיך, קיין וואָרט ניט גערעדט,
א מידער געפאַלן בין איך צו דער ערד.
וואָס ווײַטער געווען איז געדענקען איצט שווער...

הײַנט בין איך שוין ווידער אין שלאַכטישער ריי,
זי ס׳פאַסט פאַר קעמפער פון רויטער ארמיי.
דו שרײַבסט, אז באַלוינט מ׳האָט דײַן מי אין קאָלווירט,
און אָרדען דײַן לעבן מיט רום האָט באַצירט,—
כ׳באַגריס דיך. זײַ רויק און זיכער דו זײַ
דײַן לעבן און אַרבעט פאַרהיטן מיר טרײַ.
זײַ זיכער, מיט טויזנטער ברידער באַנאַנד
ס׳וועט ברענגען דײַן ברודער דעם זיג אונדזער לאַנד.

# דאָרפישע מאָטיוון

כ׳זיץ איינער באַנאַכט נעבן שטוב אַף א באַנק
אין אייגענעם דאָרף אונטער לויטערן הימל.
עס כאָלעמט דער וואַלד נעבן דאָרף דאָ באַנאַנד,
דער אַמור פול מיט קליינינקע שטערנדלעך ווימלט.
ווי קעמלען צעשטעלט שטייען בערג בא דעם ראַנד
און אַלץ איז פאַרוועבט אין א רויִקן דרימל.

ס׳ע שמעקט שוין מיט דופטיקן אָטעם די ערד,
איך הער, ווי עס פּלאַצן שוין קנאָספּן אַף בײַטן,
און ווען ס׳איז בליִען אין פרילינג באַשערט,
דער נעמט שוין צום אופקום צום גרויסן זיך גרייטן.
די ביימער, וואָס שטייען באַם פענצטער פאַרקלערט,
האָבן אויך שוין די קרוינען גענומען צעשפּרייטן.

מ׳ע שוועבט פאַר מײַן אויג איצט דער ברייטער אַרום,
און אַלץ איז דאָ פול אי מיט קראַפט, אי מיט וווּנדער,
ניט שוין זינט האָט דאָ ווען א כינעזישער ברום
געלויערט אַף אַלץ, ווי א גרויסער בייזוווּנדער?
איך פיל זיך דאָ היימישער ווי אומעטום,
ווי גלײַך כ׳וואָלט דאָ זײַן שוין א גאַנצן יאָרהונדערט.

# מײַ

אזוי איז געווינט שוין מײַן האַרץ און מײַן זינען—
זיך קוויקן מיט כּיעס פון מײַ פון דעם גרינעם...
גאָר איידער זײַן אָנקום דעם גרויסן דערוואַרט איך,
דערשפּיר איך זײַן אָטעם דעם ליבן און צאַרטן.

אָט גייט ער אַנטקעגן צו מיר מיט זײַן שמייכל,
ער שענקט מיר א בינטל מיט דופטיקע רייכעס,

אָט טוט ער א שפּאַנ אַזא שטאָלצנ אונ ברייטנ,
אונ שפּרייט זיכ א וועג אויס פונ גראָזנ אונ קווייטנ.

אָט גייט ער אינ וואַלד איבער שטעגנ באַקאַנטע,
די פאָלעס צעשפּרייט פונ זײַנ העל-גרינעמ מאַנטל,
צעדרוישנ זיכ ביימער, די קרוינענ זיכ נויגנ,
א לויב-ליד אימ זינגענ אפּ צווײַגנ די פויגל,
אונ ס׳נעמענ די ריטשקעלעכ שנעלער נאָכ פליסנ
אונ אלע באַגריסנ אימ, האַרציק באַגריסנ.

אָט שטייט ער אפּ באַרג אונ ער קוקט איבער לענדער,
זײַנ בליק איז פאַרכידעשט צו ווײַטנ געווענדעט,
א גאַנצענעמ יאָר אפּ דער וועלט ניט געווענ דאָ,—
ווי גיכ האָט זיכ אַלצ אפּ דער ערד דאָ געענדערט...

אָט גייט ער אַרומ איבער שטאָטישע ברייטנ,
אונ יעדערנ גריסט ער אונ יעדנ באַגלייט ער.
אונ ס׳טראָגט זיכ דער אָנזאָג מיט פריידנ צעהעלטע,
ס׳איז מײַ איצט, ס׳איז מײַ איצט אפּ ראַכוועס פונ וועלטנ.

ב. קושניראָוויטש

# קיינ מאָסקווע

—אורא, אורא!—מײַנ טאטע פאָרט קײַנ מאָסקווע, אפ דער לאנדווירטשאפטלעכער אויסשטעלונג! נאָרוואָס האָט מענ אונדז געגעבנ צו וויסנ. מיר זיצנ אזוי, איכ, די מאמע אונ דער טאטע, טרינקענ טיי, לויפט פלוצלינג ארײַנ מיט א היצ דער פעטער זיסי:

—יאנקל! ווו איז יאנקל? דו פאָרסט קײַנ מאָסקווע,—איכ האָב נאָרוואָס באקומענ א טעלעגראם!

ער צעשפיליעט דאָס פידזשאקל אונ רעדט דערווײַל זייער גיכ.

—איכ פאָר ארײַנ אינ ראיאָנ, געמיינט דער כ, גאָרנשטיינ איז שוינ געקומענ פונ בירעבידזשאנ, באגעגנט מיכ דער נאטשאלניק פונ פאָטשט אונ בעט מיכ נעמענ די פאָטשט. נעמ איכ. גיט ער מיר איבער נאָכ א טעלעגראם אונ זאָגט, אז דאָס איז פונ געגנטערד, אז מע רופט דאָס ארויס יאנקלענ פאָרנ קײַנ מאָסקווע... שא, ווו-זשע איז זי? דאכט זיכ אָט אהער האָב איכ זי ארײַנגעלייגט.—אונ מיטאמאָל איז דער פעטער זיסי שטיל געבליבנ. ער זוכט אינ די בוזעמ-קעשענעס, אינ די הויזנ-קעשענעס, קערט זיי איבער—ניטאָ, מיר האָבנ זיכ אלע אופגעשטעלט, שווײַגנ אונ קוקנ אפ אימ.

—אכ, טראסטי טוואָי מאטערי, אלטער נאר וואָס דו ביסט.—אפאָנעמ, אינדערהיימ איבערגעלאָזט!—צעשרײַט זיכ דער פעטער זיסי, אונ אײדער מיר קוקנ זיכ אומ, איז ער שוינ פונ יענער זײַט טיר.

כאָטש ער איז מיר אנ אייגענער פעטער, דער מאמעס א ברודער, דאָכ מוז איכ זאָגנ דעמ עמעס: ער איז זייער א צעשטרײַטער, דער פעטער זיסי. מיט אימ טרעפט זיכ אָפט, אז ער זעצט זיכ אפנ פורל אָפפירנ אונדזער פאָרזיצער פונ קאָלווירט, דעמ כאווער גאָרנשטיינ, אינ ראיאָנ, מוז מענ אימ שטענדיק דערמאָנענ: „פעטער זיסי, די בײַטש האָט איר?"—ווערט ער בארויגעז, ער האָט פײַנט, אז מע דערמאָנט אימ וועגנ זײַנ צעשטרײַטקײַט. „שטאָ יא מאלטשיק, איכ בינ שוינ דאנקענ גאָט 6 יאָר א קאָלווירטישער פורמאנ"—שרײַט ער, אונ טאנצט באלד אראָפ פונ וועגעלע, פארשווינדט אפ א רעגע אינ שטאל, אונ פונ דאָרט גייט ער ארויס פאָכענדיק מיט דער בײַטש אינ דערלופטנ:

—מיר וויסנ אונדזער זאכ, נישקאָשע!

דערהערט, אז ס'איז אָנגעקומענ א טעלעגראמ, האָט מײַנ מאטע א כאפ געטאָנ דאָס היטל, דאָס פידזשאקל אפ די פלייצעס אונ האָט זיכ געוואָלט לאָזנ נאָכנ פעטער זיסי. די מאמע האָט אימ אָפגעשטעלט.

—וווהינ לויפסטו עס אזוי, די טיי ווערט דאָכ קאלט ווערנ!—האָט זי געזאָגט—אויב ס'איז צוליב דיר די טעלעגראמ, וועט מענ זי ברענגענ. וואָס איז דאָ די גדולע?—א טעלעגראמ פונ זעמאָטדעל, האָסטו געזענ אביסל! ביסט דאָכ

עפּעס א געהויבענער מענטש. נישקאָשע, מע מעג זי אהער ברענגען, דו האָסט פּארדינט!...

אָבער דער טאטע לײגט ניט קײן אכט אף אירע רײד.

אפּן טאטנס איז זי ביכלאַל פון לאַנג באַרויִקט, אַלעמײַ דער טאַטע פּאַרט ניט אריבער אינ שטאָט; אַלעמײַ די שכײנים, מיט װעלכע מיר זײַנען צוזאמען געקומען, לעבן אינ שטאָט, און ער אינ קאָלווירט. „וואָסי,—טײַנעט זי,—מײַן יאנקל האָט ניט קײַן מעלאָכע אינ האנט? ער איז שוין אויס שנײַ-דער געוואָרן? ער קאָן נאָך מאכן א שטיקל ארבעט, וועט מען לעקן די פינ-גער, ניט ערגער פון דער נײ-פאבריק. פארוואָס איז מוישע שקאָלניק, אונ-דזער שאָכן פון כמעלניק, א מײַסטער פון צעכ? ער איז דען א שנײַדער? א טאנדײטניק איז ער. פארוואָס ארבעט איר יאנקל אינ כאַזײרים-שטאַל, און אווראָם פיש איז א קנאקער אף דער מעבל-פאבריק?...״

זי קאָן אזוי אויסרעכענען אַלע כמעלניקער, וואָס זײַנען מיט אונדז גע-קומען. גוט, וואָס דער טאטע שווײַגט איר אָפּ. ער זאָגט איר אינ אזעלכע פאלן, אז דאָס איז אף דער מאמען אָנגעפאלן א קאָפּ-ווײטעק, לאָזט זי עס אויס צו אים.

אינדערעמעסן, ווײס איך ניט, וואָס ווײל די מאמע. דאכט זיך, זי לעבט בעסער פון מוישען, פון אווראָמען און פון אַלעמען. ארבעטס-טעג האָבן מיר זײער אסאך, און געלט האָבן מיר אף זײ הײנטיקס יאָר באקומען מער ווי די שטאָטישע. א סימען, די מאמע האָט מיר צוגעזאָגט קויפן הײַנטיקן ווינטער כראָמאָווע שטיוול און א פּאָר נײַע קאָניקעס. און אז זי איז אײנעכטן געווען אינ שטאָט, האָט זי מיר געקויפט א נײַ רענצעלע אינ שול...

ווי נאָר דער טאטע איז ארויס פון שטוב, בינ איך אוועק נאָך אים, אָבער מיך האָט די מאמע שוין אף אן עמעס פארהאַלטן.

—א נאקעטער! וווּ לויפסט עס א נאקעטער אינ דרויסן? דו מײנסט, ס׳איז דיר די אוקראינע, ווו אינ דער צײַט איז נאָך ווארעם? ס׳איז בירא-בידזשאן מיט די פרעסט. טו נאָר אָן דאָס פּעלצל מיט דעם היטל.

איך מוז זיך אומקערן, ווארטן ביז די מאמע וועט ארויסנעמען פון דער שאפע דאָס פעלצל מיטן היטל, כאָטש דער פעטער זיסי ווינט די פערטע שטוב פון אונדז און אינ דרויסן איז נאָך ווארעם. אפילע אונדזער בעהײמע „ראָזקע״ נעכטיקט נאָך אינדרויסן. אָבער די מאמע היט מיך זײער פאר די קעלטן, פאר די בּיראָבידזשאנער „פרעסט״, ווי זי רופט עס אָן. איך בינ דאָך פּאָרט בא איר אן אײנ-און-אײנציקער. דערפאר טאקע האָט זי מיר נאָך פרילינג געקויפט א דאָכע. דער יעגער אפאנאס האָט דעמאָלט געהארגעט עט-לעכע ווילדע ציגן, האָט זי בא אים באשטעלט די דאָכע. איז זי ווארעם די דאָכע, א פארגעניגן. דער גרעסטער ווינט נעמט זי ניט דורך. נאָר אײן זאך, די האָר פאלן פון איר ארויס, ווײַל די מאמע האלט זי אינ שאפע, אינ דער ווארעם. וויפל מע זאָגט איר, אז זי ווערט פון דעם געפּאטערט, טײַנעט זי אירס: „ווי זשע דען זאָל איך זי האלטן, אינ פּאָדערהויז, מע זאָל זי צוגאנווענען?״

—גײ שוין, גײ—זאָגט די מאמע.—וועסט אָנקוקן סארא טעלעגראם האָט מען דײַן טאטן געבראכט. אויב מע ווײל אים טאקע שיקן קײַן מאָסקווע, האָט ער עס געוויס פארדינט. ווער האָרעוועט נאָך אזוי בא די כאַזײרים, ווי ער? נישקאָשע, ער וועט ניט פארשעמט ווערן, מיט זײַן ארבעט קאָן ער זיך ווײַזן אפילע פאר קאַלינינען...

## .2

שוין בא דעם פעטער זיסיס שטוב באגעגנט מיך שאַיע געלמאַן. ער גייט מיר גלייַך אַנטקעגן און שמייכלט עפּעס צופרידן. ווען מיר האָבן זיך אויסגעגלייַכט, שטעלט ער מיך אָפּ און צעלאַכט זיך מיר גלייַך אין פּאָנעם אַרייַן.

— וווהין לויפסטו עס, דאָווידל. מיינסט, עפּשער טאַקע, אינדערעמעסן, אַז דייַן טאַטע פאָרט קיין מאָסקווע? פאַראַן בילכערע פון אים. נאָך ניט אַזוי גיך...

— גיכער פון אייַך! — ענטפער איך אים אָפּ מיט פּאַדראָס און לאָז מיך ווייַטער לויפן. מאַלע וואָס שאַיע געלמאַן קאָן זאָגן. ער זאָגט עס אַזוי אומיסטן, ווייַל ער איז אָפּ מייַן טאַטן אינקאַס, אַלעמייַ מייַן טאַטע האָט אים ניט געוואָלט נעמען צו זיך אָפּ דער כאַזיירים־פערמע. ער איז אַ פּוסטער באָכער, שאַיע, אַ הולטייַ, זאָגט מייַן טאַטע, און קייַן הולטייַעס דאַרף ער ניט. אָפּ דער כאַזיירים־פערמע, זאָגט מייַן טאַטע, דאַרף מען האָבן מענטשן, וואָס האָבן ליב צו אַרבעטן, ווייַל כאָטש אַ כאַזער איז טאַקע אַ כאַזער, אָבער ניט יעדער קאָן בא אים אַרומגיין. אַ סימען, אָט דער שאַיע געלמאַן טויג ניט פאַר דער אַרבעט.

אָבער דאָך האָט מיר געגעבן אַ טיאָכקע אין האַרצן: וואָס הייסט, ס׳איז פאַראַן בילכערס פונעם טאַטן?

איך לויף אַרייַן אין פּאָדערהויז, עפן די שטוב־טיר און דערזע — קימאַט די גאַנצע מישפּאָכע איז דאָ, און פאַרשטייט זיך, מייַן טאַטע. ער זיצט נעבן טיש, און איך דערקאָן גלייַך, אַז ער איז באַרויגעז. אין צימער איז אַ געשריי, אַ געפּילדער, אַלע לויפן אַרום, וואַרפן מיט די בענקלעך, גישטערן און זוכן עפּעס. באַם פעטער זיסי איז די היטל אָפּ אַ זייַט, ערווישט אַלע מאָל דעם שטערן.

— ווער האָט דיך געבעטן, דו זאָלסט אָנמאַכן אַ ראַש! אָן דיר מייַנסטו, וואָלט מען זיך ניט באַגאַנגען — שרייַט ער צו זייַן ווייַב ראָכל.

— קינדער, איר הערט — שרייַט אויס די מומע ראָכל, און איר פּאָנעם ווערט שטאַרק רויט — ער וויל גאָר אויסלאָזן צו מיר! ווען ניט דו, וואָלט דאָך געוויס גאָרניט געווען. וויפל מאָל האָב איך דיר געזאָגט, דו זאָלסט זיך ניט מישן ניט אין דייַן זאַך. איז אָנגעקומען אַ טעלעגראַם, זאָל זי ליגן אָפּ דער פּאָטשטע. ניין, כאַפּט ער זי...

— איך האָב עפּעס געפונען! — רופט זיך אינעם ראַש פּלוצלינג אָפּ די קליינע קאַראָלינע, דעם פעטער זיסיס פּלימעניצע, און הויבט אויף פון דיל אַ צעקנייטשט שטיקל פּאַפּיר.

— אַנו, ווייַז עס נאָר, באַליאַרינאַ — רופט זיך פרייַלעך אָן דער פעטער זיסי, וואָס רופט זי שטענדיק אַזוי — באַליאַרינאַ.

אין צימער ווערט אָפּ אַ רעגע שטיל. עס הערט זיך בלויז, ווי עס סאָפּעט די מומע ראָכל, זי האָט אַזאַ זאַדישקע, זאָגט זי. דער פעטער זיסי נעמט דאָס פּאַפּירל, באַטראַכט עס פון אַלע זייַטן, גיט עס דערנאָך אַ שלייַדער אין דער ערד, און צעשרייַט זיך.

— וואָס שטופּסטו מיר אין די הענט יעדער שמוץ, דו קעלבל!...

— זיסי, וואָס שרייַט איר אַזוי אָפּן קינד, — רופט זיך אָפּ די סאַנדלערשע, קאַראָלינעס מוטער. — וואָס איז זי שולדיק? אָפּ דער שוויגער שרייַט.

זי האָט דאָך אָנגעמאַכט דעם גאַנצן ראַש. זי לױפֿט אַרײַן צו אונדז מיט אַ געדולע „אױ אונדזער יאַנקל פֿאָרט קײן מאָסקװע"...

—קינדער איר הערט, זי מאַכט מיך שולדיק! — רופֿט זיך װידער אָן די מומע ראָכל, און איר פּנים װערט װידער רױט—װאָלט איך דען געלאָפֿן צו אײַך, װען ניט זיסל, ער קומט אַרײַן אין שטוב און צעשרײַט זיך: אױ, ראָכל, אונדזער יאַנקל פֿאָרט קײן מאָסקװע! האָב איך געמײנט, אַז מײַן יאַנקל.

—געמײנט, געמײנט, אַז װער האָט דיך געבעטן מײנען? װאָס איז ער עס פֿאַר אַ מאַכער דײַן יאַנקל, ער זאָל פֿאָרן קײן מאָסקװע?

דאָ האָט זיך שױן אָפּגערופֿן יאַנקל סאַנדלער, װאָס איז ביז אַהער געשטאַנען, געקוקט און געשװיגן. נאָר װײַבאַלד מע האָט פֿאַרטשעפּעט אים, װעט ער ניט שװײַגן. ער רעכנט זיך דער בעסטער גרינסציכטלער אין ראַיאָן, זײַן גרינװאַרג שטעקט אין דער געגנט, און דאָ װעט מען אים גאָר מאַכן פֿאַר אַ גאָרנישט. ער איז אַ מענטש מיט גאַדלעס, ער לאָזט זיך ניט שפּײַען אין דער קאַשע.

—גענוג װאָס דו פֿירסט אונדז אַלעמען בײַ דער נאָז, שרײַסטו נאָך— האָט ער זיך אָנגערופֿן צו זיסלען—האָסט פֿאַרלױרן די טעלעגראַם, איז װער דיר שולדיק! זײַ ניט קײן צעשטרײַטער!...

—הער, אַ שוסטער זאָל עס האָבן אַזױפֿיל גאַדלעס—רופֿט זיך אָפּ דער פֿעטער זיסי—װאָס געהער זיך אָן די טעלעגראַם צו דיר? זי איז דען דיר געשיקט געװאָרן?

—צו װעמען דען! פֿאַרשטײט זיך, אַז צו אונדז.—רופֿט זיך אָן די סאַנדלער־שע—װער דען קאָן נאָך פֿאָרן קײן מאָסקװע כּוץ מײַן יאַנקל! װאָס... ס׳איז בײַ אונדז פֿאַראַן נאָך אַזאַ בריגאַדיר, װי מײַן יאַנקל?

—אַזױ—רופֿ איך מיך אָפּ—און מײַן טאַטע?

פּלוצלינג האָט זיך געגעבן אַן עפֿן די שכנ־טיר און אױף דער שװעל האָט זיך באַװיזן אַװראָם צימערמאַן, דער עלטסטער קאָניוך.

—זיסל, פֿאַרװאָס שפּאַנט איר ניט אױס אײַערע בולאַנע? קײן ניאַנקעס זײַנען ניטאָ!

—אױ, איך האָב גאָר פֿאַרגעסן. אָט לױף איך שױן—אַ כאַפּ די בײַטש און דער פֿעטער זיסי פֿאַרשװינדט פֿון יענער זײַט טיר.

## 3.

װאָס עס האָט זיך בײַ אונדז אין יענעם טאָג אָפּגעטאָן אין קאָלװירט! אַלע האָבן זיך דערװוּסט, אַז ס׳איז אָנגעקומען אַ טעלעגראַם פֿון געגנטערד װעגן דעם, אַז מײַן טאַטע פֿאָרט קײן מאָסקװע (איך מײן טאַקע, אַז מײַן טאַטע פֿאָרט און ניט יאַנקל סאַנדלער). מע האָט זיך דערפֿרײט, ס׳איז געװאָרן אַ שׂימחה.

אױפֿן אַנדערן טאָג האָב איך זיך אױפֿגעכאַפּט זײער פֿרי און מײַן ערשטער געדאַנק איז געװען, אַז ס׳איז געשען עפּעס. אַזױ גרינג איז מיר געװען אױפֿן האַרצן און פֿרײלעך, אַז איך האָב ניט געקאָנט קײן אײן מינוט אײַנליגן אין בעט. מײַן טאַטע פֿאָרט קײן מאָסקװע! איך הער די מאַמע שרײַט אין דרױסן אױף אַ קאָל:

—מאַשקע, מאַשקע, נאַ—נאַ, מאַשקע,—דאָס גיט זי עסן אונדזער כאַ־זערטע „מאַשקע". און דער טאַטע איז שױן לאַנג ניטאָ. ער גײט שטענדיק

גאַנצפרי אוועק אין כאַזיירים-שטאַל, כאָטש פאַר דעם איז די מאַמע אפּ אים אָפּט באַרויגעז. „ווהין לויפסטו עס גאַנצפרי מיט דער ראַשטשינע, — שרייט זי געוויינטלעך. — זעסט דען ניט, אַז ס'איז נאָך פרי? גאָט אליין שלאָפט נאָך"...

אָבער דער טאַטע ענטפערט, אַז גאָט מעג שלאָפן, ער האָט שוין סיי־ווי ניט וואָס צו טאָן, און אויב ער, דער טאַטע, איז פאַרוואַלטער פון דער כאַזיירים-פערמע, פּאַסט אים ניט קומען שפּעטער פון די קאָלווירטניקעס. ער איז אַוואַדע גערעכט.

ווי נאָר איך נעם זיך אָנטאָן, עפנט זיך די טיר. עס גייט אַריין די מאַמע און נאָך איר דער זיידע איצי — דער קאָלווירטישער שמיד. אַלע רופן אים „זיידע", נאָר ער איז נאָך געזונט — מאָווער, און אַרבעטן אַרבעט ער אַן אייַזן, ער זאָגט, ער קען צען יונגע פאַרשטעקן אין גאַרטל, און מע מעג אים גלויבן.

— ברייַנע, מאַזלטאָוו אייַך, ברייַנע, — זאָגט ער — אייַער יאַנקל פאָרט קייַן מאָסקווע.

— איז וואָס?...

— וואָס הייסט, „איז וואָס"? — קרומט זיך איר נאָך דער זיידע איצי, — אַז איר פאַרגעסט... איר פאַרגעסט, ווער ס'פאָרט אַפּ אַן אויסשטעלונג באַווייַזן זייַן אַרבעט. שנייַדערס מיט שוסטערס. איר פאַרשטייט, יידן — שנייַדערס, שוסטערס, וואָס זיי איז פריער פאַרווערט געווען נעבעכיקן אפילו אין דאָרף, הייַנט ווער רעדט זיך פאַרנעמען מיט ערד-אַרבעט, פאָרן איצט קייַן מאָסקווע באַווייַזן, וואָס זיי האָבן אויפגענומען פון זייערע פעלדער מיט זייערע אייגענע הענט...

— פאַרוואָס עפּעס פון די פעלדער, — רופט זיך אָן די מאַמע. — און האָדעווען כאַזיירים איז בא אייַך גאָרניט?

— הערסט, איז דאָך אוואַדע גוט! איר פאַרשטייט, אַ ייִד אַ כאַזיירים-ציכטלער! און נאָך ווו, אַפּ בּיראָבּידזשאַנער ערדן! איר ווייסט, וואָס דער באַראָן קראַפּט האָט אַמאָל געשריבן...

— שוין געהערט, געהערט, וואָס דער באַראָן קראַפּט האָט געשריבן — האַקט אים אָפּ די מאַמע און לאָזט זיך צום אויוון.

— גיי רעד מיט אַ יידענע, — ווערט באַרויגעז דער זיידע איצי און גייט אַרויס פון שטוב. ער איז אַ קלוגער ייד, דער זיידע איצי, ער איז דאָ נאָך פון זינט דער יאַפּאַנישער קריג, ער ווייסט זייער אַסאַך שיינע געשיכטעס פון אונדזער קאַנט, און אומעטום דערציילט ער זיי.

ניט באַוויזן אַרויס דער זיידע איצי, לויפט אַרייַן ציפּע „די בעזדיטנע". „בעזדיטנע" רופט מען זי אומיסטן: אינדערעמעסן האָט זי 8 קינדערלעך, מער ווי בא אַלעמען אין קאָלווירט.

— ברייַנדל, ס'איז עמעס? — שרייַט זי אויס.

— וואָסי דען? — קערעוועט זיך די מאַמע אָפּ פון אויוון אַ פאַרפלאַמטע.

— אַלע ווייסן, אַז אייַער יאַנקל פאָרט קייַן מאָסקווע, נאָר איר ניט. ניט אומזיסט זאָגט מען...

— נו, און אַז ער פאָרט איז וואָס?

— ער וועט עס אַביסל אויסזען אַ וועלט, זאָג איך...

— וואָס מיינט איר, מיר האָבן שוין קייַן וועלט ניט געזען?

—ווער רעדט דען... איך האָב צו אים א ביטע. מײַן שלוימעלע, דער עלטסטער, פאָרט אָסיען קײַן ביראָבידזשאַן זיך לערנען אין פעדשול און האָט ניט קײַן פּאַלטאָ. יאַנקל וועט דאָך זײַן אין מאָסקווע, וויל איך, ער זאָל אים קויפן, און פאַר מײַן יאָסלען, ווען ער פאַרגעסט ניט, א קאָסטיומטשיק, א וואָלענעם, און פאַר פאָליען א קליידעלע...

—וואָסי, איר מיינט, מע וועט אים געבן א באַזונדער וואַגאָן פאַר אײַערע פּאָקופּקעס?

—איר ווילט ניט? איר מיינט נאָר ער פאָרט קײַן מאָסקווע! פאַראַן בא אונדז נאָך אַזעלכע, ווי ער. אָט לויף איך באַלד צו די סאַנדלערס. זײַט געזונט!—און א זעץ מיט דער טיר.

—האָט אָנגעפּלאָדעט קינדער, און איצטער קויף איר אײַן,—בורטשעט די מאַמע און פאָרעט זיך באַם אויוון.—אַז אין ביראָבידזשאַן קלעקט שוין גאָר ניט פאַר איר קײַן סכוירעס.

שפּעטער אַביסל לויפט צו אונדז אַרײַן הערשל זלאַטאָפּאָלסקי, דעם טאַטנס געהילף. א צופרידענער, א שמייכלענדיקער, שטעלט ער זיך אָפּ אַף דער שוועל און רופט זיך פריילעך אָן:

—נו, ברײַנדל, האָבן מיר זיך טאַקע דערלעבט! איך האָב דאָך שוין לאַנג געזאָגט, אַז אײַער יאַנקל איז א פּראָפעסאָר, הערסט א שפּאַס—דער געוועזענער שנײַדער יאַנקל סעגאַל פאָרט קײַן מאָסקווע דערציילן, ווי מע דאַרף האָדעווען כאַזיירים!

—מע זאָגט אָבער,—שלאָגט ער זיך אַליין איבער,—אַז יאַנקל סאַנדלער פאָרט קײַן מאָסקווע, נאָר איך גלויב ניט. אײַער יאַנקל וועט פאַרשפּאַרן צען סאַנדלערס אין גאַרטל.

—מע האָט שוין מיר פאַרדולט דעם קאָפּ מיטן פאָרן. איך ווייס שוין גאָרניט, אַף וועלכער וועלט איך בין. פרעגט בא זיסלען דעם צעטראָגענעם, ער ווייסט...—רופט זיך אָן די מאַמע.

און אַזוי א גאַנצן טאָג. ווו מע קומט, איז נאָר מאָסקווע, נאָר פאָרן, נאָר יאַנקל סאַנדלער, נאָר יאַנקל סעגאַל. אַלע ריידן נאָר פון דעם. דער גאַנצער קאָלווירט איז פול דערמיט. און בא קיינעם קאָן מען ניט דערגיין דעם עמעס,—ווער-זשע, סאָפּ-קאָל-סאָף פאָרט? אונדזערע אָנפירער זײַנען אין ביראָבידזשאַן. און דער כ׳ שוסמאַן, דער פאַרטרעטער פון פאָרזיצער, צעפירט מיט די הענט און הייסט וואַרטן. ער ווייסט אַליין אויך גאָרניט.

—אָט וואַרט,—זאָגט ער,—זיסל וועט געפינען די טעלעגראַם... אָבער ווער וויל וואַרטן? טומלט מען אַלע און מע רעדט. נאָר מײַן טאַטע האָט זיך פאַרקליבן אַף דער כאַזיירים-פערמע און באַווײַזט זיך א גאַנצן טאָג ניט. ביכלאַל איז ער שטענדיק אַף דער פערמע, ער היט די כאַזיירימלעך, ווי דאָס אויג אין קאָפּ, אויב ניט נאָך בעסער. און פאַרוואָס זאָל ער זיי טאַקע ניט היטן? איר האָט נאָך ניט געזען אונדזער פערמע, ווייסט איר ניט וואָס דאָרט טוט זיך. דאָרט איז א ריינע, ליכטיקע און וואַרעמע שטאַל. יעדער כאַזער האָט זיך זײַן שטעלכל, כוץ דעם קאַבאַן „טשאָרני”, ער איז אַזוי גרויס, אַז ער פאַרנעמט גאַנצע צוויי שטעלעכלעך. מײַן טאַטע זאָגט, אַז ווינטער וועט מען דאַרפן פאַרברייטערן די שטעלעכלעך אויך בא „קעדרען” און „מאַשקען”, אַזוי שטאַרק וואַקסן זיי מיט יעדער טאָג. גאָר א באַזונדער שטע-

לעכל איז דאָרט דאָ פאר די קליינע כאזיירימלעך. אך סארא שיינע כאזיירים-
לעך זיינען בא אונדז פאראן, — פון אלערליי קאָלירן זיינען זיי, — ווייסע, שוואר-
צע, געפלעקטע אָדער גאָר ווייסע מיט שווארצע פיסלעך, אָבער די מערהייט
שווארצע — זיי זיינען פונעם קאבאַן „טשאָרני".

אין רעכטן ווינקל שטייט א גרויסע פליטע. דאָ קאָכט פאר זיי פאר-
שיידענע מייכאָלים די מומע בראָכע. אלע טאָג קומט זי גאנצפרי — אָבער ניט
פריער פונעם טאטן — און פרעגט בא מיין טאטן:

— וואָס פאר א מייכל קאָכן מיר זיי היינט, כאווער סעגאל?

דער טאטע טוט אָן די ברילן, נעמט ארויס פון בוזעם-קעשענע א
העפט, וווּ ס׳איז פארשריבן, וואָס מע דארף קאָכן היינט פאר די כאזיירים
און כאזיירימלעך און זאָגט איר. איז די מומע בראָכע ניט מאסקים. איינס
און דאָס זעלבע, זאָגט זי, קאָן אפילע א כאזער נימעס ווערן. אָבער דער
טאטע שטייט אפ זיינעם. ער קלערט ניט ארויס פון קאָפּ, זאָגט ער. ער
האָט זיך געראָטן מיט דעם זאָאָטעכניקער.

מיינט אָבער ניט, אז בא אונדז איז שטענדיק אזוי געווען. אָט פרעגט
בא מיר, וועל איך אייך דערציילן. ווען ניט מיין טאטע וואָלט ביכלל גאָר
ניט געווען. יאָ, יאָ, לאכט ניט, אָט הערט...

ווי נאָר מיר האָבן זיך דאָ באזעצט, זיך אביסל פארפירט מיט באלע-
באטישקייט, קומט צו אונדז אין פארוואלטונג אָן א פאפירל, אז בא אונדז
אין קאָלווירט דארף זיין א כאזיירים-פערמע. צוערשט האָבן זיך אלע אָפגע-
זאָגט פון איר. „מיר האָבן קיינמאָל ניט געהאט קיין כאזיירים און וועלן ניט
האָבן" — האָבן אלע געשריען. אָבער די כאזיירים זיינען פאָרט אָנגעקומען. ווען
אונדזער פאָרזיצער, דער כ׳ גאָרנשטיין, האָט פאָרגעלייגט בערלס טאטע,
יאנקל סאנדלער, קוקן נאָך די כאזיירים (ער איז נאָך דאן ניט געווען קיין
בריגאדיר, און אוואדע ניט באריימט איבער דער געגנט), האָט ער זיך אָפּ-
געשלאָגן מיט הענט און מיט פיס.

— מיין טאטע האָט עס ניט געטאָן, — האָט ער געטיינעט, — און איך וועל
עס ניט טאָן.

גוט וואָס ס׳איז געווען זומער, האָבן די כאזיירים ארומגעבלאָנקעט
איבערן יישעוו און געגעסן, וואָס ס׳האָט זיך געמאכט. אָבער אז ס׳איז געקו-
מען דער הארבסט, ס׳איז געוואָרן קאלט, האָבן די כאזיירים אָנגעהויבן
אויסשטארבן.

האָט מען דאן בא אונדז צונויפגערופן אן אלגעמיינע פארזאמלונג וועגן
דעם. מיין טאטע איז ארויסגעטראָטן און האָט געזאָגט, האלעמיי קיינעם
ארט ניט, וואָס עס ווערט פאָרפאלן אונדזער האָב און גוטס. האָט זיך דאן
אָנגערופן יאנקל סאנדלער: „אויב עס ארט אייך אזוי, איז פארוואָס זשע גייט
איר ניט ארבעטן אפ דער פערמע?" ענטפערט אים מיין טאטע: „מע שיקט
מיך ניט, גיי איך ניט. זאָל מען מיך שיקן, וועל איך גיין, וועסט זיך נאָך קו-
מען לערנען צו מיר".

אפ מאָרגן האָט שוין מיין טאטע געארבעט אפ דער כאזיירים-פערמע.
מיין טאטע האָט געהאלטן וואָרט. יאנקל סאנדלער מעג זיך טאקע לערנען
בא מיין טאטן. ער, יאנקל סאנדלער, שעמט אפילע איבער דער גאנצער
געגנט מיט זיינע אוגערקעס, פאָמידאָרן און קרויט. ער איז אפילע געווען
פאָרגעשטעלט אפ דער געגנטלעכער לאנדווירטשאפטלעכער אויסשטעלונג און

האָט דאָרט באַקומען א דיפּלאָם פון דער 1-טער שטופע, אָבער צו מײַן טאַטן קומט ער ניט. ווײַל זעצן אוגערקעס איז ניט נאָכקוקן נאָך כאַזײרים. קוקן נאָך כאַזײרים, איז גאָר עפּעס אַנדערש.

4.

דער גאַנצער קאָלווירט האָט זיך צעטײלט אַף צוויי: איין טייל האַלט פאַר מײַן טאַטן, דער צווייטער — פאַר יאַנקל סאַנדלער. די אַלע, וואָס האַלטן פאַר מײַן טאַטן, זײַנען בא אונדז איבערגעוועגן און באַגריסט מײַן מאַמען. און דער פעטער זיסי, וועלכער האָט פאַרקאָכט די גאַנצע קאַשע, איז ניטאָ. נאָך קאָיאָר איז ער אַוועקגעלאָפן אין ראַיאָן, נאָכן כאַוועד גאָרנשטיין, אַף וועלכן אַלע וואַרטן. ער באַדאַרף הײַנט געווויס קומען צו פאָרן פון בירהאָביד־זשאַן. אַזייגער אַכט אינאָוונט זיצ איך מיט בערלען בא מיר אין שטוב און מיר גרייטן די לימודים.

פּלוצלינג דערהערט זיך א קלאַפּ אין פענצטער און סיאָמקעס קאָל:

— קינאָ! הײַנט שפּילט קינאָ! — און גלײַך נאָך דעם דערהערט זיך א „נאָ“ און א טופּען פון א פערד — דאָס איז סיאָמקע אַוועקגעפאָרן מעלדן אַנדערע קאָלווירטניקעס. אַזוי פירט זיך שוין בא אונדז — טאָמער איז דאָ קינאָ, רופט אַלעמען צונויף סיאָמקע.

מיר האָבן צונויפגעלייגט די העפטן און אַרויס פון שטוב. מיר קומען אַרײַן אין קלוב — אָ,-אָ, — אַלע בעסטע ערטער זײַנען שוין פאַרנומען. עפּעס הײַנט איז מער מענטשן ווי שטענדיק. אַפילו די פעלדמאַנשע, דעם פעלד-שערס ווײַב, איז אויך דאָ. קיינמאָל גייט זי ניט קוקן קינאָ. זי זאָגט, אַז זי איז ניט געוווינט צו קוקן קינאָ פון קינאָפּערעדוויזשקעס, שוין בעסער, זאָגט, זי, זיצן אין שטוב און לייענען א ראָמאַן. קיין ראָמאַנען, א סוואָרע, לייענט זי ניט, נאָר אַזא טעווע האָט זי — מאַכן אַן אָנשטעל.

אַלע פון יאַנקל סאַנדלערס בריגאַדע האָבן זיך אויסגעזעצט אין איין ריי, לאַכן פריילעך און ריידן, טײַנען זיך אויס סאַרא גוטע מײַלעס סאַנד-לער האָט. ציפּע די בעזדיטנע שרײַט מער פון אַלעמען. זי זאָגט, אַז צו סאַנדלערן איז גאָר קיין גלײַכן ניטאָ. הערשל זלאַטאָפּאָלסקי, מײַן טאַטנס געהילף, קען דאָס ניט לײַדן, הייבט ער איר אָן דערווײַזן, אַז יאַנקל סעגאַל, מײַן טאַטע, איז ניט ערגער פון סאַנדלערן, אויב ניט נאָך בעסער, ווײַל אַזעלכע כאַזײרים, ווי מײַן טאַטע האָדעוועט אויס, וועט קיינער ניט אויסהאָ-דעווען. און ביכלאַל — האָדעווען כאַזײרים איז ניט זעצן אוגערקעס. דאָס באַרירט שוין כאָנע שטילמאַן. סטײַטש, ער האָט דאָך געזעצט אוגערקעס, עס קומט ניט אָן גרינג, און קענטעניש דאַרף מען דאָ אויך האָבן. מיט איין וואָרט, זיי זיצן און טומלען, ביז ס׳ווערט פאַרלאָשן די שײַן, און אַף ווײַסן לײַלעך באַווײַזט זיך א ליכטיקער קוואַדראַט. עס גייט פונקט דער פילם „טשאַפּײַעוו“. איר האָט געזען די קינאָ? ווי ער פליט עס, טשאַפּײַעוו, אַף ווײַסן פערד... די שווערד אין דער הייך, דער ווינט צעבלאָזט די פּאָלעס פון דער שוואַרצער בורקע — היט זיך!..

די קינאָ האָט שוין געהאַלטן באַם פאַרענדיקן, הערט זיך א געשריי אַף גאַנצן זאַל:

— כאַזײרים, זיסי איז געקומען.

ווען מע האָט זיך פון אינווייניק געלאָזט צום אַרויסגאַנג, האָט מען פונקט פון דרויסן א שפּאַר געטאָן, איז מען געבליבן שטיין ניט אַהין, ניט אַהער.

—כאווײרים, לאָזט דורך איך זאָל,—האָט זיך דערהערט דאָס קאָל פון כ. גאָרנשטײנ! אַלע האָבנ אָפּגעטראָטנ פונ טיר.

—אָט ווי מיר וועלנ זיך דערוויסנ דעמ עמעס—זאָגט נאַפּטאַליע דער שאָרניק.

—פונ וואָס פאַר אַנ עמעס רעדט איר, נאַפּטאַליע—רופט זיך אָנ גאָרנשטײנ מיט כידעש,—עפּעס רעדט איר שטענדיק פאַרשטעלט.

—אונ הײַנט רעד איך אָפנ, אַנו זאָגט נאָר, ווער פאָרט קײַנ מאָסקווע, יאַנקל סאַנדלער, צי...

—אַז מע זאָגט דיר, יאַנקל סאַנדלער, איז וואָס פרעגסטו נאָכ—רופט זיך אָנ ציפּע „די בעוזדיטנע".—אונ אַזוי ווייסט מענ ניט?

—פאַרוואָס פרעגט איר דענ? זיי זײַנענ דענ הײַנט ניט אַרויסגעפאָרנ אינ ראַיאָנ?—כידעשט זיך דער פאָרזיצער.

—ווער איז עס זיי?—פרעגט נאַפּטאַליע.

—וואָס הייסט ווער?

אָבער דאָ האָט זיך דערהערט דעמ פעטער זיסיס אויסגעשריי:

—כאווײרימ, אָט איז דאָכ די טעלעגראַמ!

אינ אַ רעגע אַרומ איז שוינ שלוימעלע, ציפּע דער „בעוזדיטנעס" אַ זונ, דער, וואָס פאָרט האַרבסט זיך לערנענ אינ פעדשול, געשטאַנענ לעבנ פעטער אונ ער האָט זיך נאָר געוואָלט נעמענ לייענענ די טעלעגראַמ, האָט דער כ. גאָרנשטײנ זי צוגענומענ בײַ אימ אונ זיך געווענדעט צו אַלעמענ:

—וואָס, איר ווייסט דענ ניט?! פונ אונדזער קאָלווירט שיקט מענ דאָכ קײַנ מאָסקווע פיר מענטשנ.

—פיר!—האָבנ אַלע מיטאַמאָל אויסגעשריענ.

—נו יאָ. אָט דאָ אינ טעלעגראַמ שטייט דאָכ. איר האָט דענ ניט באַקומענ די טעלעגראַמ? פונ אונדזער קאָלווירט פאָרנ יאַנקל סעגאַל...

—אונ וואָס האָב איך געזאָגט!—שרײַט אויס הערשל זלאַטאָפּאָלסקי.

—יאַנקל סאַנדלער...

—אַהאַ!—שרײַט עמעצ אויס...

—כאַנע שטילמאַנ אונ הערשל זלאַטאָפּאָלסקי...

—כאַנע אונ הערשל אויכ,—רופט זיך אָנ ציפּע „די בעוזדיטנע"—אונ איך האָב גאָרניט געוווסט!

—וואָס-זשע, איר האָט דענ ניט באַקומענ קײַנ טעלעגראַמ?—כידעשט זיך אַלץ דער כ. גאָרנשטײנ.

—יאָ באַקומענ אונ ניט באַקומענ,—רופט זיך אָנ שוסמאַנ—דער פאַרטרעטער פונ פאָרזיצער—ס'קאָנ מער הייסנ, אַז ניט, ווײַל זיסי דער פורמאַנ האָט פאַרלוירנ די טעלעגראַמ.

—שטאָ זנאַטשיט, איכ האָב פאַרלוירנ די טעלעגראַמ, אָט איז זי דאָכ,—שרײַט אויס זיסי.—איכ האָב זי גוט באַהאַלטנ—אונטערנ אונטערשלאַק פונעמ היטל... יאַ ניע מאַלטשיק, איכ זאָל האַלטנ אָט אַזוי-אָ אונ פאַרלירנ טעלעגראַמעס!

—געוווּג,—שלאָגט אימ איבער גאָרנשטײנ.—כאַווער זיסי, איר וועט זיכ מאַטרײַעב זײַנ טאַקע הײַנט באַנאַכט אָפּפירנ אַלע פיר צומ באַנ, הײַנט באַנאַכט גייט פונ בירעבידזשאַנ אַ צוג קײַנ מאָסקווע.

—איז טאַקע אורא אונ אורא!—מײַנ טאַטע פאָרט קײַנ מאָסקווע!

# איבער דער געגנט

א. גאנאָפּאָלסקי

## ביראקאנ

צוויי טײַכנ שלענגלענ זיכ פארבײַ גרינע סאָפּקעס, ארויסטראָגנדיק פונ טײַגע שטורמישע פינעדיקע וואסערנ. רוישנדיק אינ זייערע שטיינערנע בעטנ, שווענקענ זיי די הויכע מעשופּעדיקע ברעגנ. דורכ הונדערטער יאָרנ האָבנ זיי דורכגעטראָגנ אונ ביז די הײַנטיקע טעג פארהיט זייערע אלטע טונגוסישע נעמענ:—בירא, קאנ.

אינ די ענדלאָזע טאָלנ ארומ די טײַכנ, וואָס פלייצנ, ווי שוועסטער, צווישנ די סאָפּקעס, האָבנ זיכ אמאָל געפּאשעט סטאדעס פונ איזיובערס. דאָ בא קאלטע וואסער-קוואלנ האָט געלאָקערט אפ זיי, זײַנע קאָרבאָנעס, דער אוסוריער טיגער.

צו די דאָזיקע טײַכנ, אינ זייערע רײַכע טאָלנ, פלעג פארצײַטנס קומענ מיט די טײַגע-שפּורנ דער טונגוס. ער איז געגאנגענ נאָכ די רײַכע הערנער פונעמ איזיובער, נאָכ פעלעכלעכ פונ וועווערקעס, נאָכ דער פעל פונעמ טיגער, נאָכנ פלייש פונ קאבאנעס אונ בערנ, נאָכ פיש, נאָכ די וואָרצלענ פונ זשענ-שענ אונ ארומ האָבנ געגליווערט, ווי שטומע איידעס פונ דויערס, ריזיקע סאָפּקעס, אָפּהיטנדיק אינ זייערע טיפענישנ ווערטפולסטע אוצרעס, וועלכע האָבנ געווארט אפ דרײַסטע מענטשנ, וואָס זאָלנ קומענ זיי אויסגעפינענ אונ נעמענ.

אינ אָנהויב יאָרהונדערט זײַנענ מענטשנ געגאנגענ אהער איבער זומפּנ, איבער בלאָטעס, אָנפילנדיק די טײַגע מיט קייטנ-געקלאנג, מיט קאטאָרזשנעמ בלוט אונ שווייס. עס האָט זיכ אויסגעצויגנ די לענגסטע אינ דער וועלט אײַזנבאנ-ליניע. טאקע דעמלט איז בא א זײַט פונ די סאָפּקעס אופגעקומענ א קליינ יישעוול בא א ראזיעזד. די ערשטע צײַט האָבנ דאָ געוווינט יעגער אונ אײַזנבאנער. זייער יישעוול באמ ראזיעזד האָבנ זיי אָנגערופנ מיטנ נאָמענ פונ די היגע\ שטורמישע טײַכנ—ביראקאנ.

א קליינ יישעוול פונ עטלעכע צענדליק הײַזער—אזא האָבנ געטראָפנ ביראקאנ די ערשטע יידנ-איבערוואנדערער, וואָס האָבנ אָנגעהויבנ קומענ אהער אינ 1928 יאָר פונ אוקראאינישע אונ ווײַסרוסישע שטעטלעכ. מיט זיכערקייט אונ גלויבנ זײַנענ זיי יאָר נאָכ יאָר אראָפּגעשטיגנ דאָ—בעקער, שוסטערס, גלעזערס, באַנדערס—מענטשנ, וואָס זײַנענ געקומענ אהער—אינעמ ווײַטנ קאנט פונ טײַכנ אונ סאָפּקעס—בויענ זייער נײַ לעבנ.

אינ ייִשעוו אונ ארום אימ אינ טײַגע האָט זיכ אופגעהויבנ א געקלאַנג פונ זעגנ, א הילכנ פונ העק. הונדערט-יאָריקע מעכטיקע צעדערס זײַנעו געפאַלנ, פארהילכנדיק דעמ ארומ. אופרײַסנ האָבנ אופגעטרייסלט די שטומע סאָפּקעס.

די נײַע אײנוווינער פונעמ ייִשעוו האָבנ זיכ גענומענ ברעגענ קאָלכ, פירנ געהילצ, מאכנ דזעגעכצ, בויענ הײַזער. עטוואָס שפּעטער האָט מענ דאָ אָרגאניזירט א קאָלווירט. פּעטע ניט באַרירטע ערד, אָנ א שיר ערד, איז געלעגנ ארומ, אונ די נײַע קאָלווירטניקעס האָבנ זי העקטאר נאָכ העקטער אָפּ-גענומענ בא דער טײַגע, פאַרזייט אונ אראָפּגענומענ דאָ די ערשטע גערע-טעניש — די ערשטע גערעטעניש פונ יידישע איבערוואנדערער אפ דער ווײַט-מיזרעכדיקער ערד.

צווישנ פיל אנדערע איבערוואנדערער איז דעמלט אהער מיט איר פאַ-מיליע געקומענ פונ אומאנ די טריקאָטאזש-ארבעטערנ עסטער פאָזשארניקאָווא.

דאָ האָט מענ איר געזאָגט:

— דו וועסט זײַנ א כאזער-ציכטלערנ.

צומ אָנהויב האָט דאָס זי איבערגעראשט. זי איז אפילע ניט געוווינט געווענ צומ געדאנק, אז א יידישע פרוי קענ האָבנ צו טאָנ מיט כאזיירימ. אזוי האָט זי טאַקע דאנ געזאָגט דעמ קאָלווירט-פאָרזיצער.

אָבער דאָס איז שוינ געווענ פונ לאַנג. איצטער איז זי איינע פונ די בעסטע כאזיירימ-ציכטלערנס אונ געגנט. פאראיאָרנ איז זי געפאָרנ אינ מאָסקווע אפ דער אלפארבאנדישער לאנדווירטשאפטלעכער אויסשטעלונג. אונ האיאָר איז זי — א מײַסטער פונ סאָציאליסטישער פּיצוכט פונ דער יידישער אווטאָנאָמער געגנט, אונ קאנדידאט פונ אלקפּ(ב), ווידער אנ אָנטיילנעמערנ פונ דער אויסשטעלונג.

* * *

איינמאָל, שפּעט אינ האַרבסט האָט מענ דאָ געאקערט א קאָלווירטיש פעלד, ווו מע האָט נאָרוואָס אויסגעקאָרטשעוועט א שטיק טײַגע. דער אקער האָט זיכ מיטאמאָל אָנגעשלאָגנ אפ ווײַסע שטיינער. מע האָט אָנגעהויבנ זיי ארומגראָבנ, געוואָלט ארויסנעמענ, אָבער וויפל מע גראָבט ניט, איז צו זיי קײַנ שיר ניטאָ. מע האָט זיכ פארכידעשט. מע האָט אָפּגעקלאָפּט א שטיקל שטיינ, א קוק געטאָנ קעגנ דער זונ, האָט עס א שײַנ געטאָנ מיט א מאָד-נעמ גלאנצ.

דער טראקטאָריסט האָט באשלאָסנ א מוסטער פונ די דאָזיקע שטיינער אָפּשיקנ אינ בירא̆בידזשאנ, זאָל מענ דאָרט זאָגנ, וואָס דאָס איז, דאָרט איז דאָ א וויסנשאפטלעכע קאָמיסיע — עפּשער, עפּעס רעכטס.

אינגיכנ נאָכ דעמ זײַנענ אינ בירא̆קאנ אראָפּגעקומענ געאָלאָגנ. פונ זיי האָט מענ זיכ שוינ דערוווּסט, אז די דאָזיקע שטיינער זײַנענ גאָר-ניט קײַנ פּאָשעטע. דאָס איז ניט מער אונ ניט ווייניקער ווי עמעסער מארמאָר, ווײַסער מארמאָר.

די געאָלאָגנ זײַנענ געגאנגענ אינ די סאָפּקעס, האָבנ געהאלטנ אינ אײנ אָנפרעגנ זיכ בא די אָרט-געבוירטיקע, אונ איינער, אנ אלטיטשקער יעגער וואָס האָט זיכ דערוווּסט, אז געלערנטע מענטשנ פרעגנ זיכ אזוי נאָכ אפ

אלצ, וואָס אלטע אײַנוווינער ווייסנ וועגנ דער היגער ערד, איז אראָפּ פונ אויוונ אונ איז פאמעלעכ, מיט א שטעקל, אוועק צו זיי.

—א גוטמאָרגנ כאווײרימ, —האָט ער זיי געזאָגט,—איכ האָב געהערט, איר אינטערעסירט זיכ מיט די היגע סאָפּקעס. איז אָט זעט איר דאָרט שטייט איינע א גרויסע סאָפּקע, א וויאָרסט פינפ פונדאנענ. זי איז א געוויינלעכע, ווי אלע סאָפּקעס, נאָר רופנ רופט מענ זי בא אונדז—די ראָזע סאָפּקע...

פארבאהאלטנדיק א כיטרע שמייכל אינ די גרויע וואָנצנ, האָט דער אל-טיטשקער צוגעגעבנ:

—פארינטערעסירט זיכ אָקאָרשט אומיסטנ, פארוואָס האָט מענ עס איר אזא נאָמענ געגעבנ...

די געאָלאָגנ האָבנ זיכ פארינטערעסירט. מע איז אוועק צו דער סאָפּקע, מע האָט אינ איינ אָרט אראָפּגענומענ דעמ אויבערשטנ שיכט טאָרפּ אונ מע איז איבעראשט געוואָרנ: קעגנ דער זונ האָט די סאָפּקע אינ דעמ אָרט א שיינ געטאָנ מיט א צוציענדיקנ רויטנ שימער. אונ מע האָט פארשטאנענ: די סאָפּ-קע האָט מענ מיט רעכט אָנגערופנ—ראָזע, זי איז אינגאנצנ באשטאנענ פונ טייערנ ראָזנ מארמאָר...

שפּעטער אביסל האָט מענ דאָ אויכ געפונענ גרינעמ מארמאָר, שווארצנ, גרויענ, אונ בלאָווּנ. מוסטערנ האָט מענ אוועקגעשיקט אינ מאָסקווע. דאָרט האָט מענ דאנ געבויט די ערשטע ריי פונ מעטראָ, אונ מאָסקווער ספּעציאליסטנ האָבנ געזוכט גוטנ מארמאָר פאר די מעטראָ-סטאנציעס.

אינ ביראָקאנ איז אראָפּגעקומענ א בריגאדע מעטראָ-בויער אינ דער שפּיצ מיטנ אלטנ מארמאָר-ארבעטער כ׳ פּאסטושענקאָ. דאָ איז אָרגאניזירט געוואָרנ אנ ארטעל אפּ ארויסבאקומענ אונ באארבעטנ מארמאָר. די מעטראָ-בויער האָבנ געלערנט די אָרטיקע אײַנוווינער, וויאזוי צו ארבעטנ באמ מאר-מאָר. אונ דאָס קלענסטע קינד אינ ביראקאנ האָט יענע צייַטנ זיכ מיט שטאָלצ בארימט:

—מיר בויענ דעמ מאָסקווער מעטראָ-פּאָליטענ!

* * *

סיאָמע לעווינזאָנ איז נאָכ געווענ א קליינ ייִנגל, ווענ זיַינע עלטערנ זיַי-נענ אריבערגעפאָרנ קייַנ ביראקאנ. ער האָט זיכ דאָ געלערנט אינ שול, דער-נאָכ, ווענ עס זיַינענ געקומענ אהער די מעטראָ-בויער, האָט ער זיכ פאר-כאפּט מיט זייער ארבעט אונ האָט אָנגעהויבנ האקנ מארמאָר. ווענ די מעטראָ-בויער זיַינענ אָפּגעפאָרנ פונ ביראקאנ מיטנ לעצטנ צוג, וואָס האָט אָפּגעפירט מארמאָר פאר דער מאָסקווער מעטראָ-סטאנציע, איז מיט דעמ צוג אויכ אוועקגעפאָרנ סיאָמע לעווינזאָנ. ער איז געפאָרנ זיכ לערנענ ארבעטנ בא מארמאָר. אימ האָט געשיקט דער ארטעל, וואָס האָט זיכ גענויטיקט אינ ספּע-ציאליסטנ. אינ ביראקאנ האָט מענ דערווייַל אָנגעהויבנ בויענ א מארמאָר-זאוואָד.

דער יונגער לעווינזאָנ איז שוינ א צווייט מאָל געווענ אינ מאָסקווע, אויב רעכענענ דאָס ערשטע מאָל, ווענ ער איז דאָ געווענ, דורכפאָרנדיק אפנ וויַיטנ מיזרעכ, אונ ווענ ער האָט אפילע רעכט ניט באוויזנ אָנצוקוקנ די שטאָט. געפאָרנ איז ער דאנ מיט זיַינע עלטערנ פונעמ שטעטל, ווו עס האָבנ אלע זייערע יאָרנ אָפּגעלעבט די זיידעס אונ עלטער-זיידעס.

סיאָמע לעווינזאָנ האָט מיט דערפאָלג באהערשט די נייַע פּראָפעסיע.

אפּ די מארמאָר-זאוואָדן פון מעטראָ איז זיך געווען בא וואָס און בא וועמען צו לערנען. אהער פלעגן קומען די בעסטע מוסטערן פון מאר-מאָר פונעם גאנצן לאנד. דאָס ביראקאנער יינגל האָט מיטן גאנצן הארצן ליב געקראָגן אָט די נייע און שיינע פּראָפעסיע, פון וועלכער עס האָבן ניט געוווסט זיינע עלטערן און לאנדסלייט.

ער האָט זיך געלערנט די קונסט פון פארוואנדלען א פּאָשעט מאר-מאָר-שטיק אין א גלאטער אָפּגעשליפענער שיינענדיקער זאך, וואָס בלענדט מיט אלע קאָלירן פון א רעגנבויגן.

צו דער צייט, ווען ער האָט געענדיקט די לער אפן מארמאָר-זאוואָד פון מעטראָ און האָט זיך געדארפט צוריקקערן אהיים, האָט ער פארן פאָרן באשלאָסן א קוק טאָן אפ דער מעטראָ-סטאנציע „וויסרוסישער וואָקזאל", וואָס איז צו יענער צייט שוין געווען גרייט. ער איז אריינגעגאנגען אין וועסטיביול און איז פארגליווערט געוואָרן פון אנטציקונג. ער האָט אי יאָ דערקענט, אי ניט דערקענט די מארמאָר-שטיינער פון דער ביראקאנער ראָ-זער סאָפּקע. מיט א וואונדערלעכן בלענד האָבן געשיינט קעגן עלעקטרישן ליכט די וואנט און די הויכע סופיטן. ווי אין א פאנטאסטישן קיניגרייך איז ער גע-גאנגען איבער דער סטאנציע מיט די ראָזע מארמאָר-ווענט און אים האָט זיך געוואָלט אָפּשטעלן יעדן איינעם פון די פּילצאָליקע פּאסאזשירן, וואָס זיינען ארויסגעגאנגען פון די וואגאָנעס פון מעטראָ און זאָגן: „איר ווייסט, אָט דער מארמאָר, וואָס שיינט דאָ אזוי שיין, איז דאָך פון ביראקאן — פון דער ראָזער סאָפּקע... איר ווייסט, איך בין אייך פון דאָרט. איך ארבעט אייך בא מאר-מאָר. און איך פאָר איצט אהין צוריק...

ווען לעווינזאָן האָט זיך צוריקגעקערט אין ביראקאן, איז דער מארמאָר-זאוואָד שוין געווען אויסגעבויט. ער איז דאָרט געוואָרן מייסטער.

— אונדזער ספּעציאליסט, — האָבן מיט שטאָלץ געזאָגט וועגן אים די מאר-מאָר-ארבעטער.

* * *

דעם אָנפירער פונעם גרעסטן ביראקאנער ארטעל „סמאָלאָקור" רופן דאָ אלע פּאָשעט — כאוואר זעכצער. דעם כאוואר זעכצער קען מען גוט ניט נאָר אין ביראקאן, נאָר אויך אין דער גאנצער געגנט, פּונקט ווי מע קען אין דער גאנצער געגנט די פּראָדוקציע פון דעם ארטעל, מיט וועלכן ער פירט אָן. דער פאָרגעשריטענער קאָלעקטיוו פונעם ארטעל באארבעט וואלד-מאסיוון, מאכט דזעגעכץ, פעטער. די פעסער שיקט מען אָפּ אין כאבאראָווסק, אין וולאדיוואָסטאָק, אפּ קאמטשאטקע.

אמאָל איז זעכצער געווען א פּאָשעטער באָנדער. איצטער פירט ער אָן מיט דעם גרעלידן ארטעל „סמאָלאָקור", וואָס איז גוט באוווסט אין קאנט. דאָס איז קיין וואונדער ניט: עס וואקסן די יישווים פון דער יידישער אוו-טאָנאָמער געגנט, עס וואקסן אירע מענטשן.

...לעבן דער קאָלווירטישער קו-שטאל איז שטארק פארטאָג, ווי גע-וויינלעך, דער קאָלווירטניק קאפּלאן, וואָס איז שוין איצטער, אייגנטלעך, ניט קיין געוויינלעכער קאָלווירטניק, נאָר פארוואלטער פון דער מילך-פערמע. אפּ דער דאָזיקער נייער ארבעט איז ער ניט לאנג, נאָר די קי און קעלבלעך, וואָס פלעגן פריער ארומגיין מאָגערע און שמוציקע, איז שוין איצט ניט צו דערקענען.

און א טעווע האָט ער דאפקע, אָט דער קאפלאנ, אביסל טומלענ, וואָרטשענ, אפילע זיך אָפּזאָגנ אפּ קלוימערשט פונ ארבעט. אָט זאָגט אימ דער פאָרזיצער, אז מע דארפ מאכנ באזונדערע קאָרעטעס פאר די פי. קאפלאנ איז ניט צופרידנ.

—וואָס פארא קאָרעטעס? נאָך וואָס קאָרעטעס? איך וועל דאָ ניט אר-בעטנ טאָג און נאכט...

אָבער דער פאָרזיצער איז שוינ אוועקגעגאנגענ. ער ווייסט, קאפלאנ האָט א טעווע אביסל צו טומלענ, אָבער די ארבעט וועט ער אָפּטאָנ אפּ זי-כער. און בעעמעס, אפּ מאָרגנ זײַנענ שוינ די קאָרעטעס געווענ פארטיק...

... דער אלטיטשקער איוואנ פיאָדאָראָוויטש בעלאָוו וואָלט שוינ צו זײַנע 63 יאָר געקענט זיצנ אינ שטוב בא זײַנ זונ—דעמ לערער פונ שול, אָבער ער זיצט ניט. אינ אימ לעבט א פונק פונ א קינסטלער. נאָך פונ קינד-ווײַז האָט ער ליב אויסצושניצנ זאכנ פונ האָלצ, קלעפּנ פונ ליימ. איצטער האָט אימ דאָ אינ ביראקאנ פארכאפּט די ארבעט מיט מארמאָר. אפּנ מאָר-מאָר-זאוואָד האָט מענ אימ אפילע אויסגעטיילט א ספּעציעלנ ווינקל, זיצט ער דאָרט און ארבעט. לעבנ אימ שטייענ סטאטועטקעס, וואָס ער האָט געמאכט: א קאָלווירטניצע—א דעלעגאטקע, א לייב אפּ אָפּרו... איצטער ארבעט ער זייער אָנגעשטרענגט, קימאט ניט ארויסגייענדיק פונ ווערקשטאט.

—וואָס פאר א באַרעליעפּ וועט דאָס זײַנ?—פרעגט מענ בא אימ, אָנ-ווײַזנדיקנ אפּ זײַנ ארבעט.

ער הויבט אופ דעמ גראָווונ קאָפּ טוט א קוק מיט א באזונדער מינ שײַנ אינ די אויגנ אונטער די אראָפּהענגיקע ברעמענ און רעדט ארויס שטיל, עטוואָס פארטרוימט:

—סטאלינ...

...די פרילינגדיקע זונ לאָזט זיך אראָפּ צו די סאָפּקעס. די טראקטאָרס גייענ אינ לעצטנ רעיס איבער די פרילינגדיק שווארצע פעלדער. הײַנט אינ אָוונט דארפ מענ פארענדיקנ דעמ פרילינג-פארזיי. אזא פארפליכטונג האָבנ אפּ זיך גענומענ די טראקטאָריסטנ. אינ דער שווארצער ערד פאלט א גאָלדע-נער רעגנ פונ קערנער.

נאָר אָט האָבנ די טראקטאָרס פּלוצעמ זיך אָפּגעשטעלט. א יונגער טראק-טאָריסט איז אראָפּ פונ דער מאשינ און האָט זיך צעבייזערט:

—ווער ווייסט וואָס עס טראָגט זיי דאָ ארומ, אָט די געאָלאָגנ... ווו מע דארפּ און ווו מע דארפּ ניט האָבנ זיי אויסגעגראָבנ זייערע גריבער...

דער בריגאדיר איז צוגעגאנגענ און האָט דעמ טראקטאָריסט בארויִקט:

—דו שרײַ ניט איבעריקס. דער גרוב איז א קלייניקייט. מע קענ אימ גרינג פארשיטנ. דערפאר האָט מענ דאָ געפונענ אײַזנ-ארצ... אָט מעגלעך אינגיכנ וועט מענ אָנהייבנ בויענ בא אונדז א מעטאלורגישנ זאוואָד.

דעמ טראקטאָריסט טוט שוינ באנק, וואָס ער האָט זיך אזוי ניט בא-טראכט צעהיצט. ער נעמט אליינ א לאָפּעטע און פארשיט דעמ גרוב. דערנאָך זעצט ער זיך אופ אפּ זײַנ טראקטאָר און פאָרט ווײַטער איבערנ פרילינגדיקנ שווארצנ פעלד, און אינ געדאנק זעט ער שוינ דעמ קינפטיקנ מעטאלורגישנ זאוואָד, וואָס וועט אינגיכנ אָנהייבנ רויכערנ, מעגלעך, אָט דאָרט, בא יענער סאָפּקע, ווו עס ארבעטנ איצט די געאָלאָגנ...

...באם פּעראָנ פונעם ביראקאנער וואָקזאל שטעלט זיכ אָפּ דער עקספּרעס. די פּאסאזשירנ קענענ ניט אָפּרייסנ דאָס אויג פונ די פּראכטפולע לאנדשאפטנ, וואָס רינגלענ ארום דעם גרויסנ צעוואקסענעם יישעוו.

פונ דעם דאָזיקנ יישעוו גייענ אָפּ צוגנ מיט געהילצ, מיט קאלכ, מיט מארמאָר.

אינ דעם דאָזיקנ יישעוו קומענ אָפּ געלאָגנ. ווי דערלערנענ די לאגערונגענ פונ אייזנ, מאגנעזיט, קאלכ-שטיינ, וואָס מע האָט דאָ געפונענ. פונ דאנעט גייענ אווטאָבוסנ אונ מאשינעס צום ווונדערלעכנ ווייטמיזורעכדיקנ קוראָרט, צו די אייביק הייסע קולדורער קוואלנ.

אונ ווי פארצייטנס שלענגלענ זיכ פארביי די סאָפּקעס צוויי שטורמישע רוישנדיקע טייכנ מיט אלטע טונגוסישע נעמענ — בירא, קאנ...

# קריטיק אונ ביבליאָגראפיע

ה. רעמיניק

## וולאדימיר מאיאקאָווסקי

(צומ 10־טנ יאָרטאָג נאָכ זײַנ טויט)

### 1. מאיאקאָווסקי אונ דער רוסישער פוטוריזמ

אינ 1906 יאָר איז דער דרײַצניאָריקער וולאדימיר מאיאקאָווסקי געקומענ קײַנ מאָסקווע. עס זײַנענ נאָכ געגאנגענ די שלאכטנ צווישנ דעמ פאָלק אונ דער צארישער רעגירונג. די רעוואָליוציע איז נאָכ ניט געווענ באזיגט. דער יוגנטלעכער מאיאקאָווסקי ווארפט זיכ מיטנ גאנצנ ברענ פונ זײַנ לײַדנשאפטלעכנ טעמפעראמענט אינ רעוואָליוציאָנערנ קאמפ. ער טרעט ארײַנ אינ דער באָלשעוויסטישער פארטיי, שטודירט דעמ מארקסיזמ, ארבעט אלס פראָפאגאנדיסט פונעמ מאָסקווער קאָמיטעט פונ די באָלשעוויקעס. פאר א קורצער צײַט,—אינ מעשעכ פונ 1908—1909—ווערט ער דרײַ מאָל ארעסטירט פאר רעוואָליוציאָנערער טעטיקײַט. וועגנ דעמ קרײַז פונ זײַנע אינטערעסנ אינעמ דאָזיקנ פעריאָד שרײַבט מאיאקאָווסקי אינ זײַנע „אווטאָביאָגראפישע נאָטיצנ“: „קײַנ בעלעטריסטיק האָב איכ אינגאנצנ ניט אנערקענט,—פילאָסאָפיע, העגעל, נאטורוויסנשאפט, נאָר דעריקער מארקסיזמ“.

עס קאָנ דוכטנ, אז דער יונגער מאיאקאָווסקי האָט קײַנ שומ אינטערעס ניט געהאט פאר ליטעראטור, פאר קינסטלערישער שאפונג. אינדערעמעסנ איז דאָס אָבער ווײַט ניט אזוי. מאיאקאָווסקי האָט שוינ דאנ געלייענט די קלאסישע ליטעראטור אונ דעריקער—די דיכטונג פונ יענער צײַט. די דעקאדענטישע אונ סימוואָליסטישע פאָעזיע האָט אימ אָבער ניט געקאָנט באפרידיקנ. די צימער־ליריק, די פאָעזיע פונ שטילע שאָרכנ, פונ אימפרעסיאָניסטיש-סימוואָליסטישער פליסטערײַ, די דיכטונג פונ קאָשמארפולע זעונגענ אונ מיראזשנ, פונ סוידעסדיקער פאנטאסטיק איז אימ געווענ דערווידער. פול מיט רעוואָליוציאָנערנ ברויז אונ דראנג פונ שלאכט, האָט ער געזוכט נײַע וועגנ אונ פאָרמענ פאר נײַער פאָעטישער שאפונג, פאר אזא קינסטלערישער שאפונג, וואָס זאָל אָפשפיגלענ דעמ רעוואָליוציאָנערנ קאמפ פונ די מאסנ, וואָס זאָל

קענען איבערגעבן די שטימונגען און די ריטמען פון דער גאס. מאיאַקאָווסקי האָט געטרוימט וועגן אַזאַ דיכטונג, וואָס זאָל אויפרייסן די אַלטע וועלט, די וועלט פונעם באַלעבעסל און פיליסטער, פון זאַטע בורזשואַזע און פאַרקריפּטע נעפּאַשעס, און אויף דעם באָדן איז ער צייטווייליק זיך צונויפגעגאַנגען מיט די פוטוריסטן. די פוטוריסטן, וואָס זיינען אויפן אַרויסגעטראָטן קעגן אַלע פּאָעטישע שולן, קעגן סימוואָליזם, אַקמעיזם, קעגן אַלע און אַלערליי אַלטע פאָרמעס פון ליטעראַרישער שאַפונג, האָבן מאיאַקאָווסקין אויסגעזען צו זיין אַמערסטן רעוואָליוציאָנער און זוכעריש, אַמוויניקסטן פאַרגליווערט, אַמווייניקסטן געבונדן מיט די אַלטע און פאַרעלטערטע ליטעראַרישע טראַדיציעס און קאַנאָנען.

ס'איז אָבער געווען אַ גרויסער אונטערשייד צווישן מאיאַקאָווסקין און די פוטוריסטן. מאיאַקאָווסקי איז שוין דאַן געגאַנגען מיט זיין אייגענעם וועג, וואָס איז געווען גאַנץ ווייט פון דער פוטוריסטישער שאַפונג. ווייל וואָס איז אַזוינס געווען דער רוסישער פוטוריזם? מיר וועלן דאָ ניט ריידן וועגן דער עגאָפוטוריסטישער ריכטונג אין פּעטערבורג, וועגן אַזעלכע אויסגעשפּראָכן בורזשואַזע דיכטער, ווי איגאָר סעווערינין, וואָס האָט זיין שאַפונג צוגעפּאַסט צו די סאַלאָנען פון אייסגעלאַסענע דאַמען, וואָס האָט מיט זיין דיכטונג „באַשיינט" זייער פּאַרווואַלירטע פּראָסטיטוציע. מיט אַזעלכע דיכטער האָט מאיאַקאָווסקי קיינמאָל קיין שום געמיינזאַמס ניט געהאַט. ער האָט אַזעלכע דיכטער נאָך פאַר דער רעוואָלוציע פאַראַכטעט און געשטעמפּלט. נאָר אַפילו די מאָסקווער גרופּע קובאָפוטוריסטן זיינען אידייאיש און פאָרמעל געווען גאַנץ ווייט פון מאיאַקאָווסקין. מאיאַקאָווסקיס פּאָעזיע איז פון סאַמע אָנהייב אָן געווען לויטן טאָן אינגאַנצן אַן אַנדערע, ווי די שאַפונג פון אַזעלכע שרייבער ווי כלעבניקאָוו, נ. בורליוק, ד. בורליוק, א. קרוטשאָניך. די אָנגערופענע שרייבער זיינען אַרויסגעטראָטן מיט אַ גאַנץ שאַרפן און טומלדיקן פּראָטעסט קעגן דער עקזיסטירנדיקער ווירקלעכקייט. נאָר זייער פּראָטעסט איז געווען דעריקער אַן עסטעטישער, דאָס איז געווען אַן אינדיווידואַליסטיש-עסטעטישער בונט קעגן אַלע ליטעראַרישע טראַדיציעס, בעסיכעם אויך קעגן די בעסטע פּאָרגעשריטענע טראַדיציעס פון דער קלאַסישער רוסישער ליטעראַטור פונעם 19-טן יאָרהונדערט, קעגן די טראַדיציעס פון קריטישן רעאַליזם, פון פאָלקסטימלעכקייט, פון הומאַניזם, קעגן די טראַדיציעס פון פּושקינען, טאָלסטאָיען און גאָרקין. אין זייער ערשטן מאַניפעסט „אַ פּאַטש דעם געזעלשאַפטלעכן געשמאַק" האָבן די פוטוריסטן געשריבן: „די פאַרגאַנגענהייט איז ענג. די אַקאַדעמיע און פּושקין זיינען אומפאַרשטענדלעכער פון יעראָגליפן. אַראָפּוואַרפן פּושקינען, דאָסטאָיעווסקין, טאָלסטאָיען פון דער שיף פון הײַנטצײַטיקייט". די פוטוריסטן האָבן פּראָקלאַמירט דעם קולט פון וואָרט, פונעם אַזויגערופענעם „זעלבסטווערטיקן" („самоценное") וואָרט, וואָס דאַרף זיין באַפרייט פון יעדער מין אינהאַלט, וואָס איז אַליין פאַר זיך אַן אינהאַלט. דאָס וואָרט איז מיסטיפיצירט געוואָרן. די פוטוריסטן האָבן דערקלערט דאָס וואָרט פאַר אַן אויטאָנאָמען געביט, וואָס זיין אַנטוויקלונג ווערט פון גאָרניט ניט באַדינגט. דאָס איז געווען אַן אידעאַליסטישער און אין דער זעלבער צייט אַ פאָרמאַליסטישער צוגאַנג צו דערשיינונגען פון ליטעראַטור און פון קינסטלערישער שאַפונג. און דאָס איז פּראָקלאַמירט געוואָרן ניט נאָר טעאָרעטיש. די פוטוריסטן האָבן זייערע מאָדנע טריוקן און קונצן איבערן וואָרט געפּרווט פאַרווירקלעכן אין זייער

פּראקטישער שאפונג. אזוי, צום בײַשפּיל, האָט דער פוטוריסט קרוטשאָניכ געשריבנ אזא „ליד“:

и а о
о а
о а е е и е я
о а
е у и е и
и е е
и и ы и е и и ы

די ליד האָט געהייסנ «Высоты» אונ האָט געהאט אנ אונטערקעפּל «Вселенский язык». װ. כלעבניקאָװ, דער אָנגעזעענסטער אונ סאמע טאלאנטפולער דיכטער פונ די רוסישע פוטוריסטנ האָט געשריבנ לידער, װאָס האָבנ זיכ געלייענט אלצייגנס פונ רעכטס אפ לינקס אונ פארקערט, ער האָט געשאפנ לידער אונ „נאָװעלנ“, װאָס זײַנעג געװענ געבױט נאָר אפ איינ װאָרצל. אזוי זײַנענ געשאפנ געװאָרנ זײַנ בארימטע „ליד“ «смехачи» אונ די „נאָװעלע“ «любхо» אונ דאָס האָט געזאָלט הייסנ דאָס באפרײַטע אונ באנייטע װאָרט פונ דער צוקונפטיקער, פונ דער פוטוריסטישער דיכטונג!

פארשטענדלעכ, ניט נאָר דערינ איז באשטאנענ די פוטוריסטישע דיכטונג. אינ דער פּערזאָנ פונ אזעלכע דיכטער װי כלעבניקאָװ אונ קאמענסקי האָט דער פוטוריזמ ארויסגערוקט גאנצ באדײַטנדיקע מײַסטערס פונ דיכטערישער שאפונג. כלעבניקאָװ האָט מיט זײַנ שאפונג געװירקט אפ א גאנצער ריי שרײַבער אפילע שוינ פונ אונדזער נאָכאָקטיאבערישער סאָװעטישער פּאָרמאציע. די װאָרט-שאפונג פונעמ פוטוריזמ האָט געבראכט מיט זיכ אויכ געװיסע פּאָזיטיװע רעזולטאטנ. זייער פּראָטעסט קעגנ פארעלטערטע פּאָעטישע פּאָרמענ האָט אויכ אינ זיכ אנטהאלטנ געװיסע פּאָזיטיװע מאָמענטנ. ס׳איז אויכ געװענ א באשטימטער סאָציאלער אינהאלט, אינ זייער זאָל זײַנ אפילע עסטעטישנ, בונט קעגנ דער קאפּיטאליסטישער װירקלעכקײַט. דאָס „עפּאטירנ“ דעמ בורזשוא, דאָס אָפּקערנ פונ דער װירקלעכקײַט האָט דאָכ באטײַט, אז די דאָזיקע גרופּע שרײַבער פילנ זיכ געענגט אינ די באדינגונגענ פונ דער קאפּיטאליסטישער װירקלעכקײַט. אונ ניט אומזיסט זײַנענ די מערהײַט שרײַבער-פוטוריסטנ אריבער אפ דער זײַט פונ דער ראטנמאכט.

אָבער קײַנ גאָר גרויסע רעזולטאטנ האָבנ זיכ ניט געקענט באקומענ. דער פּראָטעסט פונ די פוטוריסטנ איז ניט ארויס פונ די ראמענ פונ דער בורזשואזער געזעלשאפט. זייער אינדיװידואליזמ, זייער עסטעטיזמ אונ אידעאליזמ, זייער סלאװיאנאָפילישנ נאציאָנאליזמ האָבנ זיי פארװאנדלט אינ איינער פונ די פילצאָליקע ריכטונגענ אונ שטרעמונגענ פונ דעקאדענס, מיט װעלכנ עס איז אזוי רײַכ געװענ די רוסישע ליטעראטור פונעמ 20־טנ יאָרהונדערט ביז דער רעװאָליוציע.

גאָר אנדערש איז געװענ מיט מאיאקאָװסקיס שאפונג. זײַנ דיכטונג איז פונ אָנהויב אָנ געװענ אופרײַסעריש בענעגייע דער בורזשואזער װעלט. מאיאקאָװסקיס שאפונג האָט אנטהאלטנ אינ זיכ א קאָלאָסאלנ סאָציאלנ אָנלאָד קעגנ דער עקזיסטירנדיקער װירקלעכקײַט אונ איז אייגנצײַטיק געװענ אנ אָנזאָג אפ א נײַער געזעלשאפטלעכער אָרדענונג. זײַנ דיכטערישע װעלט-אופאסונג איז געװענ א מאטעריאליסטישע, א מענטשנ-ליבנדיקע, א הומאניסטישע. מאיאקאָװסקי

האָט געטרוימט וועגן א נײַ גליקלעך לעבן פאר די מאסן, וועגן א נײַער וועלט, וווּ דער מענטש זאָל זײַן דער באַלעבאָס פון לעבן.

## 2. פּאָעזיע פון קאמף

מאיאקאָווסקי איז געקומען אין דער ליטעראטור, ווי א צעשטערער, ווי א דיכטער, וואָס טרעט ארויס אין קאמף קעגן אַלע אומרעכטן פון דער קאפּי־טאַליסטישער וועלט, קעגן די אַלע, וואָס לעבן א זאט פּאראזיטיש לעבן אפן כעזשבן פון פרעמדנס מי און האָרעוואניע, קעגן דער קאפּיטאַליסטישער „לעפּ־ראָזאָרי־שטאָט", ווי מאיאקאָווסקי דריקט זיך אויס, „ווו גאָלד און שמוץ" פאר־דארבן דאָס לעבן פונעם מענטשן, מאכן אים דול און מעשוגע. מאיאקאָווסקי טרעט ארויס קעגן די גראָב־בײַכיקע זעלבסט־צופרידענע בורזשואז. מיט גרויס צאר זעט דער דיכטער, ווי די זעלבע זאכן, וואָס דער מענטש האָט באשאפן מיט זײַן מי און האָרעוואניע, הויבן אָן צו הערשן איבער זייער באשערער, דריקן אפ אים מיט א קאָלאָסאלער קראפט, פארוואנדלענדיק אים — דעם מענטשן — אין א געהאָרכזאמען און דערשלאָגענעם שקלאף פון זײַנע אייגענע שאפונ־גען. מאיאקאָווסקי שטעלט די זעלבע פּראָבלעם פון ארבעט אין דער קאפּיטא־ליסטישער וועלט, וואָס דער יונגער גאָרקי האָט געשטעלט אין ערשטן פּעריאָד פון זײַן שאפונג אין די 90־ער יאָרן פון 19־טן יאָרהונדערט. נאָר דער דיכטער זעט נאָך ניט קיין קלאָרן ארויסוועג פון דער דאָזיקער לאגע. ער זעט בלויז, וויאזוי דער מענטש איז דערנידעריקט, וויאזוי עס ווערן פארקויפט די בעסטע מענטשלעכע געפילן, וויאזוי עס ווערט מיט די פיס געטראָטן די מענטשלעכע ווירדע, זײַן שטאָלץ און זײַן דערהויבענער גײַסט. אין דער טראגעדיע „וולא־דימיר מאיאקאָווסקי", אין „אָבלאקאָ וו שטאנאכ" און „פלייטא פּאָזוואָנאָטשניק", פונקט ווי אין א ריי לידער פון דעם פּעריאָד, באווײַזט מאיאקאָווסקי דעם טראגישנגורל פונעם מענטשן בא דער קאפּיטאַליסטישערווירקלעכקײַט, ווו די צארטע מענטשלעכע ליבע, דאָס גלויבן אין ליכטיקע אידעאַלן — אַלץ ווערט גע־קויפט און פארקויפט פאר געלט. און דאָס שאפט באַם דיכטער א שטימונג פון שווידערלעכער איינזאמקײַט —

Я одинок, как последний глаз
у идущего к слепым человека.

מאיאקאָווסקי, ווי פיל אנדערע בעסטע פאָרשטייער פון דער אינטעלי־גענץ, האָט זיך געפילט איינזאם און הילפלאָז אין די באדינגונגען פון דער קאפּיטאַליסטישער ווירקלעכקייט און אין דער צעפוילטער בורזשואזער סוויווע. אָבער אין זײַן איינזאמקייט האָט ער ניט געוואָלט און ניט געטראכט שאָלעם מאכן מיט דער דאָזיקער ווירקלעכקייט און צופאסן זײַן שאפונג צו די בורזשוא־זע באדינגונגען.

מאיאקאָווסקיס פּאָעזיע ביז דער רעוואָליוציע איז דורכגעדרונגען מיט עמעסער מענטשן־ליבע. דער דיכטער רופט צו נײַע, ווירקלעך גערעכטיקע בא־ציִונגען צווישן מענטשן. מאיאקאָווסקי טרוימט וועגן א שיין פילפארביק לעבן פונעם מענטש, — אין גרויסן הארץ זײַנעם האָט געלעבט דער גלויבן און די זי־כערקייט, אז ס'וועט קומען א צײַט, ווען דער מענטש וועט אראָפּוואַרפן פון זיך די קייטן פון שקלאפערײַ און וועט ווערן ווירקלעך פרײַ —

И он,
Свободный,
ору о ком я,
человек —
придет он
верьте мне,
верьте.

נאָכ ביז דער רעוואָליוציע האָט דער פּאָעט געגלויבט אינ דער גליקלעכער צוקונפט פונ אלע פעלקער. דער הומאניסטישער טרוים וועגנ גליק פונ מענטשנ באנאנד מיטנ בונט קעגנ דער עקזיסטירנדיקער ווירקלעכקייט שיידט אונטער מאיאקאָווסקינ פונ א גאנצער ריי אנדערע שרייבער פונ דער פאר-רעוואָליוציאָנערער עפּאָכע. קריטיק פונ דער פיליסטעריש-קאפּיטאליסטישער ווירקלעכקייט קאָנענ מיר געפינענ אויכ בא אזא דיכטער, ווי ק. באלמאָנט, לעמאָשל, אונ בא אנדערע שרייבער. אָבער די דאָזיקע קריטיק גייט ניט ווייט, זי איז ניט קיינ טיפע אונ אנטשיידענע, ווייל זי איז ניט צונויפגעפּאָרט מיט קיינ אידעאל וועגנ נייע, בעסערע מענטשלעכע באציִונגענ. דאָס איז א קריטיק, וואָס בלייבט אינ די גרענעצנ פונ דער עקזיסטירנדיקער ווירקלעכקייט, א קריטיק, וואָס איז ניט געריכטעט צו ענדערנ גרונטלעכ די געזעלשאפט.

עס איז אָבער פאראנ נאָכ איינ שטריכ, וואָס טיילט אויס מאיאקאָווסקינ פונ אנדערע שרייבער פונ דעמ פעריִאָד — דער פאָרגעפיל פונ דער רעוואָליוציע, אונ דעמ אָנקומ פונ דער דאָזיקער רעוואָליוציע באגריסט דער דיכטער אונ דערוואַרט מיט אומגעדולד. אונ ניט נאָר א פאָרגעפיל פונ רעוואָליוציע איז פאראנ אינ מאיאקאָווסקיס שאפונג, נאָר א דירעקטער רופ צו רעוואָליוציאָנערע ארויסטרעטונגענ קעגנ די הערשנדיקע קלאסנ, קעגנ פעטע אונ זאטע בלוטזויגערס. אפ אנ אויפשטאנד, צומ קאמפ קעגנ אונטערדריקער רופט מאיאקאָווסקי אלע דערנידעריקטע אונ פארשטויסענע, אלע דערשלאָגענע, פארקריפלטע אונ צעקאליעטשעטע פונ נויט. דער דיכטער ווערט דער זינגער פונ אויפשטאנד.

אונ, ענדלעכ, — טרעפנ מיר בא אימ א דירעקטע פּראָרויסזאָגונג פונ דער אָנקומענדיקער רעוואָליוציע:

Где глаз людей обрывается куцый,
главой голодных орд,
в терновом венце революций
грядет шестнадцатый год.

וועגנ מאיאקאָווסקיס פּאָזיציע בייס דער אימפּעריאליסטישער מילכאָמע אונ וועגנ זיינ באציִונג צו איר דארפ קיינ סאכ ניט געזאָגט ווערנ. עס איז באוווּסט, אז ער געהערט צו די געציילטע שרייבער פונ דער וועלט-ליטעראטור, וואָס זיינענ ארויסגעטראָטנ מיט א פלאמיקנ פּראָטעסט קעגנ דער אימפּעריאליסטישער בלוט-באָד. מאיאקאָווסקי איז באנאנד מיט גאָרקינ, אנרי בארביוס איינער פונ די שארפסטע קעמפער קעגנ דער אומזיניקער אונ שוידערלעכער פעלקער-פארניכטונג, וואָס עס האָבנ פאָרגענומענ די הערשנדיקע קלאסנ פונ דער גאנצער וועלט.

# 3. דער דיכטער פונ דער סאָציאליסטישער רעוואָליוציע

די גרויסע סאָציאליסטישע אָקטיאבער-רעוואָליוציע האָט מיט א מעכטיקער שײַנ באלויכטנ פאר מאיאקאָווסקינ די גאנצע וועלט. אונטערנ געשריי אונ געוווי פונ דער בורזשואזער פּרעסע אונ דער בורזשואזער אינטעליגענצ, וואָס האָט געליארעמט וועגנ „פּאראט", וועגנ „פארקויפטקײַט צו די באָלשעוויקעס", האָט ער מיט גרויס פרייד באגעגנט די נײַע זונ, וואָס האָט אָנגעהייבנ צו שײַנענ איבער דער גאנצער וועלט. זײַנ פּאָעמע „150.000.000" אונ א ריי לידער פונ יענער צײַט זײַנענ עכטע קינסטלערישע דענקמעלער פונ די ערשטע היסטאָרישע טעג פונ אונדזער רעוואָליוציאָנערער עפּאָכע. דער פלאמיקער פּאפאָס פונ דער רעוואָליוציע, איר אלפאָלקישער אופשווּנג, איר שטרענגקײַט אונ הערלעכע גערעכטיקײַט, איר אָפּטימיזמ אונ די פולע זיכערקייט אינעמ ענדגילטיקנ זיג — דאָס אלצ האָט געפונענ די בוילעטסטע אָפּשפּיגלונג אינ מאיאקאָווסקיס דיכטונג. מאיאקאָווסקי איז ניט נאָר אוועק מיטנ פאָלק, ער איז אויכ קינסטלעריש אונ שעפעריש געוואָרנ זײַנ אויסדריקער. ער איז געוואָרנ ווירקלעכ א פאָלקס-דיכטער. עס איז ווײַט ניט צופעליק, וואָס מאיאקאָווסקי ביז דער רעוואָליוציע א דורכויסיקער לירִיקער הויבט אָנ צו שאפנ קינסטלערישע ווערק פונ העראָישנ רעוואָליוציאָנערנ עפּאָס. ניט קײַנ סוביעקטיוו-לירישע אינדיווידואליסטישע פּליסטערײַ, נאָר די מעכטיקע רעוואָליוציאָנערע שטימ פונעמ באפרײַטנ פאָלק הערט זיכ איצט אינ דער פּאָעזיע פונעמ דיכטער. די לאָזונגענ פונ דער רעוואָליוציע באקומענ זייער אדעקוואטנ קינסטלערישנ אויסדריק אונ פארקערפּערונג אינ מאיאקאָווסקיס דיכטונג. די ברוזיקע טשאסטושקע אונ די שלאָגעוודיקע אונ טרעפלעכע רייד פונעמ רעוואָליוציאָנערנ פאָלק, וואָס איז אופגעשטאנענ קעגנ דעמ אלטנ רוסלאנד אונ האָט זיכ געוואָרפנ אינ שלאכט פאר א נײַעמ באפרײַטנ רעוואָליוציאָנערנ רוסלאנד, איז געוואָרנ א וויכטיקער באשטאנד-טייל פונ מאיאקאָווסקיס פּאָעטישער שפּראכ. אינ דער פּאָעמע „150.000.000" אונ אינ זײַנע מארשנ ווערט איבערגעגעבנ דער מעכטיקער גאנג פונ מיליאָניקע מאסנ.

די רעוואָליוציע האָט מאיאקאָווסקי אופגענומענ ווי אנ אלוועלטלעכע אינטערנאציאָנאלע דערשײַנונג, אונ באנאנד דערמיט שטעלט דער דיכטער אינ זײַנ שאפונג גרויסע פּראָבלעמענ פונ רעוואָליוציאָנערנ פּאטריאָטיזמ אונ פונ דער היסטאָרישער ראָל פונ אונדזער סאָציאליסטישנ היימלאנד אינ די באדינגונגענ פונ דער קאפּיטאליסטישער ארומרינגלונג. מאיאקאָווסקי שטעלט קעגנ דאָס רעוואָליוציאָנערע רוסלאנד דער קאפּיטאליסטישער אייראָפּע אונ אמעריקע. מיט א קאָלאָסאלנ רעוואָליוציאָנערנ פּאטריאָטישנ פּאפאָס צייכנט זיכ אויס מאיאקאָווסקיס דיכטונג. דער זעלבער מאיאקאָווסקי, וואָס האָט ערשט נעכטנ מיט סינע אונ עקל זיכ באצויגנ צו דער אידיי פונ פארטיידיקנ דאָס פאָטערלאנד, טרעט איצט ארויס מיט דער גאנצער ליידנשאפט פונ זײַנ רעוואָליוציאָנערנ טעמפּעראמענט אונ מיטנ פולנ באוווּסטזײַנ פונ דער היסטאָרישער ראָל פונ דעמ באפרײַטנ לאנד אונ דעמ רעוואָליוציאָנערנ פאָלק צו פארטיידיקנ דאָס סאָציאליסטישע פאָטערלאנד. „מיר זײַנענ אָבאָראָנצעס איצט, פונעמ 7 נאָיאבער (25 אָקטיאבער) 1917 י., מיר זײַנענ פאר פארטיידיקנ דאָס פאָטערלאנד פונ אָט דעמ טאָג אָנ" — האָט געזאָגט לענינ. אָט די דאָזיקע לעניניסטישע אידיי פונ רעוואָליו-

ציאָנערער, סאָציאַליסטישער אָבּאָראָנטשעסטוואָ איז פאַרווירקלעכט אין מאיא-
קאָווסקיס דיכטונג. ער ווערט דער אויסדריקער פון די נאציאָנאַלע אינטערעסן
פון די פעלקער פונעם ראַטנפאַרבאַנד. מיט א מעכטיקן רעוואָליוציאָנערן
פּאַטריאָטישן געפיל זיינען דורכגעדרונגען מאיאקאָווסקיס לידער און פּאָעמעס
פון יענער צייַט. פאַרקערפּערנדיק די קראַפט פון רעוואָליוציאָנערן פאָלק אין
געשטאַלט פון א גיגאַנטישן הונדערט-פופציק-מיליאָניקן איוואַן, שטעלט אים
מאיאקאָווסקי קעגן אן אנדער קראַפט פון דער קאַפּיטאַליסטישער וועלט אין
געשטאַלט פונעם פּרעזידענט פון די פאַריייניקטע שטאַטן פון אמעריקע וודראָ
ווילסאָן. דער סאַטירישער גראָטעסק אינעם מאָלן דעם סוינע און דער פּאַטע-
טישער היפּערבּאָליזם, וואָס באַזינגט די אומויסשעפּלעכע און אומבאַזיגבּאַרע
קראַפט פונעם רעוואָליוציאָנערן פאָלק, דריקן אויס דעם הויכן רעוואָליוציאָנערן
באַוווּסטזיַין פונעם דיכטער. מאיאקאָווסקי ווערט איצט דער דיכטער פון דער
סאָציאַליסטישער רעוואָליוציע אין אַלע אירע אַנטפּלעקונגען. ער ווערט איר
עפּיקער און איר ליריקער. ער שפּיגלט אָפּ און באַזינגט אירע עפּאָכיאַלע
אַלוועלטלעך־היסטאָרישע געשעענישן און דאַטעס און אירע וואָכעדיקע, טאָג-
טעגלעכע „קלייַנלעכע" נויטן און באַדערפעניש. ער ווערט איר ריטער און
פּאַרטיידיקער, איר פלאַמיקער טריבון און דיכטערישער קעמפער. ער שרייבט
זיינע מאָנומענטאַלע פּאָעטישע לייַוונטן „פּראָ עטאָ", „וולאַדימיר איליטש
לענין" און „כאָראָשאָ" און זיינע ליריש-פּאָעטישע לידער וועגן „סאָוועטישן
פּאַספּאָרט", וועגן „דעם כאַווער נעטע דעם דאַמפער און מענטשן"; ער זינגט
וועגן ליבע און שרייבט „טשאַסטושקעס" און „טאָג-לידער" אף די סאַמע פאַר-
שיידנסטע טעמעס. מיט זיין שאַרפן פּאָעטישן געווער טרעט ער אַרויס אין
קאַמף קעגן אַלע סאָנים פון דער רעוואָליוציע, קעגן די סאָנים פונעם פאָלק,
קעגן ביוראָקראַטיזם, קעגן באַלעבּעסלדיקייט און פּיליסטערישקייט אין שטיי-
גער, אין טאָגטעגלעכן לעבן.

זיין דיכטונג איז א גרויזאַם געווער אין די הענט פון דער רעוואָליוציע.
מיט זיין מעכטיקער פּאָעטישער שטים באַזינגט ער די אינדוסטריאַליזאַציע פו-
נעם לאַנד, די קאָלעקטיוויזאַציע פון דער לאַנדווירטשאַפט. ער באַזינגט דעם
פּראָסטן אַרבעטס-מענטש און די פירער פון דער רעוואָליוציע. ער שרייבט לי-
דער, לאָזונגען און מאַרשן פאַר דער רויטער אַרמיי, פאַרן רויטן פלאָט, פאַר
דער סאָוועטישער אוויאַציע; ער שאַפט לידער פאַרן קאָמיוג, פאַר די קינדער.
ער פּאָרט אויס דאָס גאַנצע לאַנד, טרעט אַרויס אף הונדערטער פאַרזאַמלונגען
און אָוונטן, פאַרבינדט זיך דירעקט מיט צענדליקער און הונדערטער טויזנטער
לייענער. ער שטרעבט צו ווערן און ווערט דער דיכטער פון מיליאָנען אַרבע-
טער און פּויערים. מאיאקאָווסקי דערקלערט: „בלויז די פּראָלעטאַריש-פּויערי-
שע מאַסן, די, וואָס בויען איצט דאָס נייַע לעבן אונדזערס, די, וועגער עס בויט
דעם סאָציאַליזם און וויל אים פאַרשפּרייטן איבער דער גאַנצער וועלט, בלויז
זיי דאַרפן ווערן די ווירקלעכע לייענער, און דער דיכטער פון די דאָזיקע
מענטשן דאַרף זיין איך". און אומעטום און שטענדיק טרעט ער אַרויס ווי דער
דיכטער פון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָליוציע, ווי דער דיכטער פון סאָציאַליזם.

מאיאקאָווסקיס דיכטונג נאָך דער אָקטיאַבּער-רעוואָליוציע באַקומט אן
אַנדער כאַראַקטער, אן אַנדער באַאַרבּונג און אן אַנדער טאָן. דער פּעסי-
מיזם, וואָס האָט דורכגעדרונגען זיין שאַפונג ביז אָקטיאַבּער, פאַרשווינדט

איצט. זײַן פּאָעזיע ווערט אָנגעזעטיקט מיט מוט און אָפּטימיזם, מיט לעבנס-
לוסט און זיכערקײַט. דער טראגיזם פון איינזאמקייט, וואָס איז געווען כאראק-
טעריסטיש פארן דיכטער ביז דער רעוואָליוציע, ווערט איצט פארביטן מיט א
פרײדיקן געפיל פון א מעכטיקער קאָלעקטיווער קראפט פונעם רעוואָליוציאָנערן
פאָלק. די אבסטראקטקײַט, וואָס האָט געהאט אן אָרט אין מאיאקאָווסקיס ביז-
אָקטיאבערישער פּאָעזיע, טרעט אָפּ איר אָרט, אנשטאָט איר קומט די רעאליס-
טישע וואָר און די שטרענגע קאָנקרעטקײַט פון דער רעוואָליוציע. מאיאקאָווס-
קיס פּאָעזיע ווערט פריידפול, האָפערדיק, זי באקומט א ברייטע און ווײַטע
פּערספּעקטיוו, זיכערקייט אינעם מאָרגעדיקן טאָג, אין דער צוקונפט. „איך
בין, קאָן זײַן, דער לעצטער דיכטער"— האָט מאיאקאָווסקי געשריבן אין זײַן
טראגעדיע „וולאדימיר מאיאקאָווסקי" אין 1913 יאָר. אין דעם האָט געשטעקט
א גרויסער ייִעש. גאָר אנדערש איז מאיאקאָווסקיס דיכטונג אין דער עפּאָכע
פון פּראָלעטארישער רעוואָליוציע. איצט זעט דער דיכטער זיך ניט נאָר פאר אן
אקטיוון קעמפער פון זײַן צײַט און פון זײַן עפּאָכע. ער ווייסט איצט, אז זײַן
ליד וועט דערגיין צו די קומענדיקע דורות, צו די „אייניקלעך" און „אוריי-
ניקלעך". און ער אליין רעדט צו די דאָזיקע קומענדיקע דורות פון „קאָמו-
ניסטישן ווײַט" און איז זיכער, אז זײַן דיכטונג וועט צו זיי דערגיין, אזוי ווי
עס איז צו אונדז דערגאנגען די וואסער-לייטונג, וואָס עס האָבן אויסגעארבעט
נאָך די רוימישע שקלאפן, אז די קומענדיקע ווייטע דורות וועלן באטראכטן
זײַן דיכטונג, ווי א „גרויזאם געווער".

פראכטפול צעבליט זיך מאיאקאָווסקיס דיכטונג. זי ווערט פארשיידנאר-
טיק, רײַך און פילפארביק אין פאָרמען און זשאנרען. עס ענדערט זיך זײַן
סטיל און די מיטלען פון זײַן שאפן. מאיאקאָווסקי ווערט א רעאליסט ניט
בלויז לויטן אינהאלט פון זײַן שאפן, ניט בלויז לויט די טעמעס, וואָס ער
באארבעט קינסטלעריש, ניט בלויז לויט דעם, וואָס ער באזינגט די ווירק-
לעכקײַט און דאָס לעבן; מאיאקאָווסקיס סטיל פון זײַן סאָוועטישן פּעריאָד איז
רעאליסטיש אויך לויט דער פאָרם. ער ווערט פּראָסט, פארשטענדלעך, צו-
גענגלעך און פאָלקסטימלעך. דאָס דיכטערישע וואָרט פון מאיאקאָווסקין ווערט
אָנגעלאָדן מיט פּאַפאָס פון באהערשן און אויסבויען א נײַע וועלט. עס ווערט
הארט און וואָגיק, טרעפלעך, שלאָגעוודיק און שארפזיניק. די היפּערבאָלע,
וואָס איז געווען איינס פון מאיאקאָווסקיס הויפּטיקסטע שאפונגס-מיטלען ביז
דער רעוואָליוציע, בלײַבט אויך איצט א וויכטיקער באשטאנד-טייל אינעם
ארסענאל פון מאיאקאָווסקיס פּאָעזיע. זי באקומט אָבער אן אנדער פונקציע און
אן אנדער אָנווענדונג. מאיאקאָווסקיס היפּערבאָליזם נאָך דער אָקטיאבער-רע-
וואָליוציע איז אן אויסדריק פון די גרויסע מאסשטאבן פון דער רעוואָליוציע,
פון איר אלוועלטלעך-היסטאָרישן כאראקטער, פון דער קראפט און זיכערקייט
פון קאָלעקטיוו, פון די אומויכשטפלעכע קויכעס פונעם זיגרײַכן קלאס, פונעם
זיגערישן רעוואָליוציאָנערן ארבעטס-פאָלק. די היפּערבאָלע און די פארגרעסע-
רונג אנטשפּרעכט דאָ דעם אינהאלט און דער ווירקלעכקייט פון דער רע-
וואָליוציע.

דערמיט קאָן מען אויך דערקלערן דעם עפּישן עלעמענט אין מאיא-
קאָווסקיס דיכטונג נאָך דער רעוואָליוציע. מאיאקאָווסקי האָט נאָך ביז אָק-
טיאבער געשאפן פּאָעמעס. אזעלכע ווערק זײַנען, ווי „אָבלאקאָ וו שטאנאך",
„פלייטא פּאָזוואָנאָטשניק", „טשעלאָוועק" זײַנען פּאָעמעס פון א גרויסער

קינסטלערישער קראפט. דאָס זײַנענ אָבער דורכויס לירישע ווערק. מאיאקאָווסקיס פּאָעמעס נאָכ דער אָקטיאבער-רעוואָליוציע זײַנענ אויכ פול מיט טיפנ ליריזמ. אָבער צו דעמ דאָזיקנ טיפנ ליריזמ קומט צו גרויסער עפּאָס. אזעלכע ווערק, ווי „150.000.000", „וולאדימיר איליטש לענינ", „כאָראָשאָ" זײַנענ ניט בלויז דורכדרינגלעכע לירישע פּאָעמעס, דאָס זײַנענ אויכ ברייטע עפּישע לײַוונטנ, וואָס באַווײַזנ אונ פארקערפּערנ גרויסארטיקע אונ גראנדיעזע געשעענישנ אונ פּראָצעסנ, דערהויבענע שטימונגענ פונ מענגעס אונ מיליאָנענ רעוואָליוציאָנערע ארבעטנדיקע מאסנ.

מאיאקאָווסקי איז דער גרונטלייגער פונ דער פּאָליטישער אונ סאטירישער סאָוועטישער ליד. זײַנ פּאָעזיע האָט געשאפנ די טראדיציע פונ דער גאנצער סאָוועטישער פּאָעזיע אינ דעמ געביט. אויב אונדזער סאָוועטישע דיכטונג שטאָלצירט איצט מיט איר הויכנ פּאָליטישנ באַוווסטזײַנ, מיט איר קעמפערישער פארשארפטקײַט, — האָט זי דאָס אינ א גרויסער מאָס צו פארדאנקענ מאיאקאָווסקינ. ער האָט דער ערשטער אויסגעטראָטנ אָט דעמ וועג פאר דער גאנצער סאָוועטישער דיכטונג. פארשארפטע פּאָליטישע סאטירע אונ פּאמפלעטישקײַט איז געווענ כאראקטעריסטיש פאר מאיאקאָווסקיס שאפנ אויכ ביז דער רעוואָליוציע. נאָר דאנ האָט זי געטראָגנ אנ אבסטראקטנ, אנ אוניווערסאלנ כאראקטער. אינ מאיאקאָווסקיס פּאָליטישער אונ סאטירישער דיכטונג נאָכ דער רעוואָליוציע האָט יעדער ליד א קאָנקרעטע, א קלאָרע אונ באשטימטע פונקציע, דער ציל איז קלאָר, דער אָביעקט פונ דערהייבנ אָדער דערנידעריקנ, פונ באזינגענ אָדער פונ פארניכטנ, פונ ליבנ אָדער פונ אָפּשפּעטנ אונ אויסלאכנ איז אינ יעדער פאל בולעט אונ קלאָר. דערפאר איז אויכ שארפ, שלאָגעוודיק, קאָנקרעט אונ ווירקעוודיק מאיאקאָווסקיס פּאָליטישע אונ סאטירישע ליד. ניט אומזיסט האָט דאָכ לענינ אזוי שארפ אונטערגעשטרײַכט אָט די אייגנשאפט פונ מאיאקאָווסקיס פּאָליטיש-סאטירישער ליד!

# 4. וועגנ דער מיסיע פונעמ דיכטער

מיט מאיאקאָווסקיס נאָמענ איז פארבונדנ די פאָרשטעלונג וועגנ א נײַעמ טיפּ דיכטער, וואָס אונטערשיידט זיכ פונ די פריערדיקע דיכטער ניט בלויז לויט זײַנ שאפונג אונ לויט זײַנ געשאפענער קונסט, נאָר אויכ לויט זײַנ עטיק אונ עסטעטיק, לויט דעמ, ווי ער פארשטייט דעמ טאָכ אונ די סאָציאלע פונקציע פונ דער קונסט. דאָ אנטשטייט פריער פאר אלצ די פּראָבלעמ פונ דער טראדיציע פונ דער רוסישער ליטעראטור אונ, באזונדערס, פונ דער רוסישער דיכטונג, מאיאקאָווסקיס באציונג צו די פארגאנגענע טראדיציעס פונ דער רוסישער ליטעראטור. אויב מאיאקאָווסקי איז ארויסגעטראָטנ אלס א נײַער טיפּ פונ א שרײַבער, האָט ער געמוזט אינ דער ערשטער ריי ארויסווײַזנ זײַנ באציונג צו דער קונסט פונ דער פארגאנגענהײַט. ארומ דער דאָזיקער פראגע זײַנענ געשאפנ געוואָרנ איינ צײַט אָנ א שיר אנעקדאָטנ, וואָס שילדערנ ניט ריכטיק די פראגע אונ גיבנ א גאנצ פארקריפּלטע פאָרשטעלונג וועגנ דער ווירקלעכער לאגע. די בארימטע „געלע קאָפטע" האָט דאָ א לאנגע צײַט געפינקלט פאר די אויגנ אונ האָט פארשטעלט דעמ טאָכ פונ מאיאקאָווסקיס שטעלונג צו דער פראגע פונ קונסט אונ צו דער קינסטלערישער שאפונג פונ די פארגאנגענע דורות.

עס קאָן קיין סאָפעק ניט זיין, אַז נ איאַקאָווסקיס טעאָרעטישע פאָרשטע-
לונגען וועגן די אויפגאַבעס און וועגן דעם טאָכ פון דער קונסט האָבן, ביז דער
רעוואָליוציע, געליטן פון זיין פאַרבינדונג מיט די פוטוריסטן. דער צעשטערע-
רישער בונט איז געווען געווענדט אויך קעגן דער קונסט פון דער פאַרגאַנ-
גענהייט. טרוימענדיק וועגן א נייער קונסט, איז מאַיאַקאָווסקי צומאָל דערגאַנ-
גען ביז אָפלייקענונג פון דער אַלטער קונסט. אָבער אויך דאַן האָט שוין דער
יונגער מאַיאַקאָווסקי געהאַט א ריי אינטערעסאַנטע קאָנצעפּציעס וועגן דער
קלאַסישער רוסישער ליטעראַטור. מאַיאַקאַווסקי טרעט אַרויס קעגן דער ליטע-
ראַטור פון דעם אַדל און באַציט זיך פּאָזיטיוו צו דער דעמאָקראַטישער ליטע-
ראַטור פונעם ראַזנאָטשינעצ. זיינע אַרטיקלען ביכלאַל ביז דער רעוואָליוציע
גיבן אָן א שיר מאַטעריאַל, וואָס רעדט וועגן דעם, אַז שוין דאַן איז אין זיינע
עסטעטישע אָנשויונגען געווען פיל אַזוינס, וואָס האָט געטראָגן מיט זיך רע-
וואָליוציאָנערע פאָרשטעלונגען וועגן פּאָעזיע און קונסט. שוין אינעם ביז-רע-
וואָליוציאָנערן פעריאָד פון זיין שאַפן פּרעוואַלירט בא מאַיאַקאָווסקין די פאָר-
שטעלונג וועגן דער הויכער מיסיע פונעם דיכטער, וועגן דער ווירקעוודיקער
פונקציע פון קינסטלערישער שאַפונג. מאַיאַקאָווסקי וואַרפט דערפאַר אָפּ די
פּאָעזיע פון זיין צייט, ווייל ער זעט ניט אין איר דאָס לעבן, ווייל זי שלעפט
זיך אין עק פון לעבן. „געשטאָרבן, — שרייבט ער, — איז די קונסט דערפאַר,
ווייל זי איז געבליבן אין עק פונעם לעבן". „עס איז צייט צו באַווייזן, אַז די
פּאָעטן זיינען ניט קיין גוטינקע פלאַטערלעך, וואָס זיינען באַשאַפן געוואָרן
צום פאַרגעניגן פון „בורזשועס" באַלעבעסלעך, נאָר דעראָבערער, וואָס האָבן
קראַפט צו דיקטירן אייך זייער ווילן. פאַרשטענדלעך, דאָס, וואָס איר האַלט
פאַר פּאָעזיע — באַלמאָנט, וואָס טאַנצט אין א קורצן קליידל אָפּ דער גראָבער
זייטי פון א רייכינקן זשורנאַלעכל, — דאַרף מען אין מילכאָמע-צייט פאַרווערן, ווי
שאַנטאַן און האַנדל מיט אַלקאָהאָל".

מאַיאַקאָווסקי טרעט שאַרף אַרויס קעגן דער בורזשואַז-שאָוויניסטישער
פּאָעזיע פון באַלמאָנטן, איגאָר סעווערזשאַנין און אַנדערע, וואָס האָבן געזונגען
הורא-פּאַטריאָטישע לידער וועגן דער אימפּעריאַליסטישער מילכאָמע.

ענדגילטיק ווערט רייף מאַיאַקאָווסקיס עסטעטיק נאָך דער אָקטיאַבער-
רעוואָליוציע. איצט ווערט פאַר אים ענדגילטיק קלאָר די מיסיע פונעם דיכ-
טער, די אויפגאַבע פון דער דיכטונג. די דאָזיקע אויפגאַבע באַשטייט דערין,
אַז די קונסט זאָל זיין נוצלעך דער רעוואָליוציע, דער דיכטער זאָל מיט זיין
שאַפונג פאַרנעמען אַן אָרט אין די רייען פון אַלע בויער פון דער סאָציאַליס-
טישער געזעלשאַפט, — די פּאָעזיע דאַרף זיין א מיטל פון קאַמף קעגן אַלע סאָ-
נים פון דער רעוואָליוציע, א מיטל פון קאַמף פאַרן סאָציאַליזם —

Но сила поэта
не только в этом,
что вас,
вспоминая,
в грядущем икнут.
Нет!
и сегодня
рифма поэта —
ласка

И лозунг,
и штык,
и кнут.

דער דיכטער דינט דעמ פאָלק אונ איינצייַטיק איז ער דער פירער פונ פאָלק. דער דיכטער דארפ אָפּגעבנ אלצ, וואָס ער פארמאָגט, דאָס בעסטע, וואָס בא'ימ איז פאראנ — דעמ שעפערישנ טאלאנט — דעמ רעוואָליוציאָנערנ קלאָס, דעמ „אטאקירנדיקנ קלאָס". די דיכטונג, די קונסט איז, לויט מאַיאַקאָווסקיס פאָרשטעלונג, פארבונדנ מיט גרויס מי אונ מיט דויערנדיקער שווערער האָרעוואניע. דאָס ווירקלעכע פאָעטישע וואָרט איז פונקט אזוי שווער ארויסצובאקומענ, ווי עס איז שווער ארויסצובאקומענ ראדי. צוליב דעמ איז נייטיק איבערצוארבעטנ טויזנטער טאָנ וואָרט — רודא. דערפאר אָבער איז דאָס דאָזיקע עמעסע וואָרט פונ קונסט מעכטיק אונ דויערנדיק. דאָס עמעסע קינסטלערישע וואָרט באוועגט „מיליאָנענ הערצער" אינ פארלויפ פונ יאָרהונדערטער. מאַיאַקאָווסקי ווארפט אָפּ מיט פאראכטונג יענעמ סאָרט דיכטער, וואָס באציִענ זיך לייַכטזיניק צו קינסטלערישער שאפונג, וואָס ציִענ, ווי דער קונצנמאכער שורעס פונעמ מויל בא זיך אונ בא יענעמ. ער שטעמפלט די „לירישע קאסטראטנ", וואָס שטעלנ אריינ פרעמדע שורעס אונ זייַנענ דערמיט צופרידנ. אזא דיכטונג, האלט מאַיאַקאָווסקי, איז פּאָשעטע גנייווע. דאָס עמעסע דיכטערישע וואָרט דארפ זייַנ נייַ אונ אייגנארטיק, דארפ טראָגנ מיט זיך די גרויסע אידייענ פונ דער עפּאָכע אונ דארפ זייַנ פונקט אזוי נייטיק דער געזעלשאפט, ווי עס זייַנענ נייטיק די מאטעריעלע פראָדוציר-קויכעס. די פירער פונעמ פאָלק דארפנ זיך פארנעמענ מיט דער דיכטונג, מיט דער קונסט, ווי מיט די ברענענדיקסטע אינטערעסנ פונ די מאסנ. מאַיאַקאָווסקי האָט געטרוימט וועגנ דעמ, אז באנאנד מיט די פראגנ פונ טשוהונ אונ שטאָל זאָל וועגנ לידער לייענענ פאָרטראגנ אינ נאָמענ פונ פאָליטביוראָ סטאלינ.

מאַיאַקאָווסקיס עסטעטיק איז די עסטעטיק פונ פארטייִשער קונסט. פּאָעטישע שאפונג, ליטעראטור אונ קונסט דארפנ אויסדריקנ די אידייענ אונ געפילנ פונ די פאָרגעשריטנסטע עלעמענטנ פונעמ פאָלק אונ פונעמ רעוואָליוציאָנערנ קלאָס. די פּאָעזיע פונעמ סאָציאַליזמ דארפ זייַנ פארבונדנ מיטנ אוואנגארד פונ דער סאָציאַליסטישער געזעלשאפט, מיט דער קאָמוניסטישער פארטיי. דערפאר האָט ער געקענט דערקלערנ מיט שטאָלצ, אז ער וועט, „ווי א באָלשעוויסטישנ פארטבילעט", ברענגענ די צוקונפטיקע דוירעס זייַנע „הונדערט בענדער פארטייִשע ביכער".

אינ שייַנ פונ אָט דער נייַער סאָציאַליסטישער עסטעטיק אונ פונ דער נייַער מיסיע פונעמ דיכטער אינ דער עפּאָכע פונ דער סאָציאַליסטישער רעוואָליוציע באטראכט איצט מאַיאַקאָווסקי זייַנ פארהעלטעניש צו די טראדיציעס פונ דער רוסישער קלאסישער ליטעראטור. מאַיאַקאָווסקי באטראכט איצט זייַנ אָרט אלס דיכטער ניט איזאָלירט, נאָר ווי א רינג אינ דער גאנצער קייט פונ דער פאָרגעשריטענער רוסישער דיכטונג. אינ דער ליד „יובילייַנאָיע" שטעלט מאַיאַקאָווסקי זייַנ דיכטונג אינ איינ ריי מיט פושקינענ אונ נעקראסאָווג. ער באטראכט אינ א גאנצער ריי לידער אונ ארטיקלענ זייַנ פּאָעזיע אלס פאָרזעצונג פונ דער פּאָעזיע פונ פושקינענ, לערמאָנטאָוונ אונ נעקראסאָווג. ער דערקלערט פושקינענ, אז ער האָט אימ ליב, „אָבער א לעבעדיקנ, ניט קייַנ מומיע", אז ער

באַרויערט, וואָס פּושקינ איז איצט ניטאָ צווישנ אונדז. אינ פּושקינענ, לער-
מאָנטאָוונ אונ נעקראַסאָוונ זעט ער זײַנע פאָרגייער.

## 5. מאַיאַקאָווסקי—דער נאָוואַטאָר

עס וואָלט אָבער געווענ פעלערהאַפט צו מיינענ, אַז מאַיאַקאָווסקיס דיכ-
טונג איז בלויז א פאָרזעצונג, זאָל זײַנ אפילע א טאַלאַנטפולע, פונ דער פּאָ-
ריקער רוסישער דיכטונג. מאַיאַקאָווסקי איז ניט בלויז א פאָרזעצער, נאָר אויכ
אונ דעריקער—אַנ אָ נ ה ײ ב ע ר, ניט בלויז קײַנ יורעש, נאָר אויכ אונ
דעריקער—א ב א נ ײַ ע ר, ניט בלויז קײַנ באַקרוינער, נאָר אויכ אונ דעריקער
א פּ י אָ נ ע ר. אונ אנדערש האָט דאָס ניט געקאָנט זײַנ. א דיכטער, וואָס
האָט געבראַכט מיט זיכ דעמ אינהאַלט פונ א רעוואָליוציע, וואָס באַטײַט א
נײַע עפּאָכע אינ דער גאַנצער געשיכטע פונ דער מענטשהײַט,—אזא דיכטער
האָט געמוזט טראָגנ אונ ברענגענ מיט זײַנ שאַפונג אויכ נײַע פאָרמ, נײַע
אויסדרוק־מיטלענ, נײַע וואָרט-קאָמבינירונגענ, א נײַעמ ריטמ אונ אינטאָנאַ-
ציע פונ דער ליד, פונ דער פּאָעטישער שורע. מאַיאַקאָווסקי איז א רעוואָליו-
ציאָנער אינ דער דיכטונג ניט נאָר מיטנ אינהאַלט אונ מיט דער אידיי פונ
זײַנ שאַפונג, נאָר אויכ מיט זײַנ פאָרמ. ער טרעט פאַר אונדז אַרויס ווי א רע-
פאָרמאַטאָר אונ א נאָוואַטאָר אינ דער גאַנצער געשיכטע פונ דער רוסישער
דיכטונג.

אינ וואָס באַשטייענ די גרונט-מאָמענטנ פונ מאַיאַקאָווסקיס נאָוואַטאָריש-
קײַט? פריער פאַר אלצ אינ געביט פונ פּאָעטישער שפּראַכ אונ אינ דער ביל-
דער-סיסטעמ. מאַיאַקאָווסקי האָט געהאַט אינזינענ ניט קײַנ עסטעטישע צילנ,
נאָר א סאָציאַל-פונקציאָנעלע ליטעראַטור; ער האָט געוואָלט, אַז די דיכטונג
זאָל זײַנ א געווער פונ קאַמפ, א מיטל פונ באַהערשנ די וועלט. זײַנ דיכטערי-
שע שפּראַכ אונ זײַנ בילדערישע סיסטעמ איז דעריבער געווענדט אַפּ אָפּשפּיג-
לענ ניט בלויז די שיינקײַט פונעמ לעבנ, נאָר אויכ אונ דעריקער דאָס מיעסע
אונ זאַס עקלהאַפטע; ניט דאָס איידעלע אונ צאַרטע, נאָר דאָס גראָבע אונ אַפּי-
לע דאָס מעגושעמדיקע.

אונ פונדאַנענ דרינגט אַרויס א צווייטער שטריכ פונ מאַיאַקאָווסקיס
פּאָעטישער נאָוואַטאָרישקײַט—דאָס איז זײַנ אָריענטאַציע אַפּ אָ ר א ט אָ ר י ש-
ק ײַ ט אונ געשפּרעכמעסיקײַט אינ דער דיכטונג. די רוסישע דיכטונג ביז
מאַיאַקאָווסקינ האָט זיכ אָריענטירט דעריקער אַפּ מוזיקאַלישקײַט, אַפּ קלאַנג-
לעכער פאַרפולקומטקײַט. דער מוזיקאַלישער פּרינציפּ אינ דער דיכטונג האָט
דאָמינירט באַזונדערס אינ דער שאַפונג פונ טיוטשעוונ אונ פעטנ אונ איז
געוואָרנ אַנ אוניווערסאַלער פּרינציפּ אינ דער דיכטונג פונ די סימוואָליסטנ.
בריוסאָוו אונ בלאָק, באַלמאָנט אונ בעלי—אַלע האָבנ שטרענג אָפּגעהיט ווער-
לענס באַרימטנ פּרינציפּ פונ פּאָעטישער שאַפונג:—„מוזיק—פריִער פאַר אַלצ".
מוזיקאַלישקײַט אונ ווילקלינגעוודיקײַט האָבנ געהאָלפנ צו שאַפנ שטימונגענ
פונ זאינטימקײַט, פונ אינערלעכער לירישער איינזאַמקײַט אונ פאַרטראַכטקײַט.
אָבער מאַיאַקאָווסקינ, וואָס איז געקומענ ווי א דיכטער פונ די מאַסנ, פונ באַ-
ליידיקטע אונ געפּלאָגטע, ווי א דיכטער, וואָס האָט געוואָלט אויסשרײַענ
דעמ צאַר אונ דעמ ווייטעק פונ דער גאַס, האָט דער פּרינציפּ פונ מוזיקאַליש-
קײַט ניט געקאָנט באַפרידיקנ. אָנשטאָט מוזיק גיט מאַיאַקאָווסקי רייד, אָראַטאָ-
רישע אינטאָנאַציע, אומרויִקע אויסרופנ. אינ דעמ איז פריִער פאַר אַלצ געווענ

א באַשטימטער סאָציאַלער זין. מעלאָדיק און מוזיקאַלישקייט אַפעלירן אין דער ערשטער ריי צום אומבאַוווּסטזיניקן געפיל, צום אונטערבאַוווּסטזיין, צום ניט־קאָנקרעטן, אומבאַשטימטן, ניט-אויספאָרמירטן געפיל. דאָס איז געווען א אָריענטאַציע אַף אַן אינטויִטיוויסטישן, אידעאַליסטישן וועלט-באַנעם. בא מאַיאַקאָווסקין איז אָבער געווען א בוילעטע אָריענטאַציע אַף ערדישקייט, אַף לעבנס-וואָר, אַף א מאַטעריאַליסטשן וועלט-באַנעם. זיין דיכטונג גייט דעריבער אַוועק פון מוזיקאַלישער אַבסטראַקציע, פון אינטויִטיוויסטישן אידעאַליזם צו קלאָרער געדאַנקלעכקייט, וואָס איז אָבער אין דער זעלבער צייט צונויפגעפּאָרט מיט גרויסע און טיפע געפילן און איבערלעבונגען פון קאָנקרעטן לעבן און קאָנקרעטער וואָר. דאָס האָט געבראַכט מאַיאַקאָווסקין צו א נייעם ר י ט מ און צו א נייער מ ע ט ר י ק.

פון דערזשאַווינען אָן האָט אין דער רוסישער דיכטונג געהערשט די סי־לאַביש-טאָנישע מעטריק. מאַיאַקאָווסקי איז אַריבער צו דער טאָנישער מעטריק, בא וועלכער די צאָל טראַפן אינעם פערז הערט אינגאַנצן אויף צו שפּילן א ראָל, ווייל די הויפּט־באַדייטונג באַקומט דער טראָף. די דאָזיקע ענדערונג אין דער מעטריק ברענגט צו א באַזונדערס וויכטיקער ראָל פונעם גראַם, וואָס גיט צו, ווי מאַיאַקאָווסקי האָט געשריבן, א באַשטימטע דיסציפּלינירטקייט דער גאַנצער ליד. דערביי איז דער דאָזיקער גראַם א שלאָגוודיקער און דעריקער לויט דעם קלאַנג און ווייניקער לויטן אָס. דאָס אַלץ איז אַרויסגעדרונגען פון מאַיאַקאָוו-סקיס אָריענטאַציע אַף רייד, אַף דערנעענטערן די פּאָעזיע צום לעבן, צו דער גערעדטער שפּראַך. און פון דער דאָזיקער אָריענטאַציע איז אַרויסגעדרונגען אויך מאַיאַקאָווסקיס געהאַקטער פערז. די עקזיסטירנדיקע פונקטואַציע האָט ניט געקאָנט באַפרידיקן מאַיאַקאָווסקיס פּילאַרטיקע און פילפאַרביקע אינטאָנאַציע, די רייכקייט פון זיין דיכטערישער שטים, וואָס איז געווען געווענדעט צו דער גאַס, צו די מאַסן. די ווענדונג צו די מאַסן, די שטרעבונג דיכטעריש אויסצו-ריידן זיך מיט זיי, האָט געטריבן דעם דיכטער צו נייע אינטאָנאַציאָנעלע אויס־דריק-מיטלען, אויסער דער פונקטואַציע. און ער איז געקומען צו דעם גע-האַקטן פערז, וואָס גיט צו נאָך ניואַנסן און שאַטירונגען דער שטים.

ענדלעך, קאָן מען אָנווייזן נאָך אַף דער פּלאַקאַטישקייט פון מאַיאַקאָוו-סקיס ליד. די סימוואָליסטישע פּאָעזיע און די פאַר־רעוואָלוציאָנערע פּאָעזיע ביכלאַל איז געווען די פּאָעזיע פון אימפּרעסיאָניסטישן געמעל. די שפּיל מיט קאָלירן און פאַרבן, דער קאָנטראַסט צווישן קאָלירן, די קאָמבינאַציע פון קאָ-לירן — דאָס אַלץ האָט פאַרנומען גאָר אַן אָנגעזעענעם אָרט אין דער דאָזיקער דיכ-טונג. אין קעגנזאַץ צו אָט דעם אימפּרעסיאָניסטישן געמעל האָט מאַיאַקאָווסקי אַרויסגערוקט די שאַרפע רופנדיקע פּלאַקאַט־ליניע, געווענדעט צו די ברייטע פעלקער, צו דער רעוואָלוציאָנערער גאַס, צו מענגעס האַמויִנישע פאָלקס-מאַסן.

דערמיט שעפּט זיך ניט אויס מאַיאַקאָווסקיס נאָוואַטאָרישקייט. ער איז געווען אַן אומדערמידלעכער דערפינדער אין דער קונסט, א פיינט פון אַלטע, אָפּגעלעבטע און אויסגעדראָשענע גענג און שאַפונגס־מיטלען. ער האָט שטענ-דיק געשטרעבט צו נייע רעוואָלוציאָנערע וועגן, צו עכטער קינסטלערישער שליימעס. מיט זיין שאַפונג האָט ער געוויזן מוסטערן פון אַזאַמין רעוואָליר־

ציאָנערער נאָוואַטאָרישקייט. אונ אינ דעמ זינענ לערנט זיכ די סאָוועטישע דיכטונג בא מאיאַקאָווסקינ ביז היינטיקנ טאָג.

ניט נאָכמאַכנ מאיאַקאָווסקינ, ניט פאַרוואַנדלענ אימ אינ אַנ אַבסאָליוטנ קאַנאָנ, ניט פאַרוואַנדלענ אימ אינ א מומיע שטרעבט די סאָוועטישע דיכטונג, נאָר גיינ מיט זיינע זוכערישע נאָוואַטאָרישע רעוואָליוציאָנערע וועגנ, זיינ דרייסט, ווי ער, אונ דערגרייכנ, ווי ער, די העכסטע שפּיצנ פונ קינסטלערישער שאַפונג — אָט דאָס איז די אויפגאַבע פונ דער סאָוועטישער ליטעראַטור.

י. דאָבּרושין

# וועגן דעם צווייטן באַנד „בּאַם דניעפּער"

## (פּאָרלויפיקע באַמערקונגען)

### .1

אין א בּריוו וועגן זיין פּיעסע „דער לעצטער קאָרבּן", וואָס איז שפּע-טער פאַרלאָרן געוואָרן, האָט שאָלעם-אַליכעם, אויסרעכענענדיק די אָנטייל-נעמער פון דער פּיעסע, געשריבּן: „פאַראַן נאָך א קאַרדינאַלע ראָל פונעם יונגן שוסטער, דעם סאָציאַל-דעמאָקראַט יוליק דראַטווע—זייער א דאַנקבּאַרע ראָל פאַר א גוטן טראַגיקער, האַקלאַל, מע האָט באַוואָרנט (ניט איך, נאָר סאַמע דאָס לעבּן) אַלעמען".

„ניט איך, נאָר סאַמע דאָס לעבּן"—אָט די דאָזיקע שאָלעם-אַלייכעמישע מערקווירדיקע פילבּאַרקייט צו די אָרגאַנישע לעבּנס-געזעצן, פון וועלכע די קינסטלערישע ליטעראַטור טאָר ניט אָפּטרעטן אין איר אויסגערעכנטער אָר-גאַניזירונג פונעם לעבּנס-שטאָף, אָט די גלענצנדיקע פאָרמולירונג פונעם גרויסן רעאַליסטישן שרייבּער וועגן דער קונסט, וואָס דאַרף קעסיידער און אומעטום באַוואָרנט ווערן פון „סאַמע דאָס לעבּן", קומט אַפן זינען, בּעשאַס מע באַקענט זיך מיט בּערגעלסאָנס נייעם בּוך, דעם צווייטן באַנד „בּאַם דניעפּער". דער דאָזיקער בּוך לייענט זיך דאָך פריער פאַר אַלץ, ווי אַן עכטער לעבּנס-דאָקומענט, ווי א וואָרהאַפטיקע לעבּנס-געשיכטע, ווו ס׳איז ניט אָפּצוטיילן די וואָר פון דער דיכטונג, אַזוי איבּערציינגנדיק איז דאָך אַי-נעם בּוך די פאַרוואַנדלונג פון דערווירקלעכקייט אין ליטעראַטור, אַזוי לעבּנספּליסיק קייקלט זיך דער גאַנג פון די אויסגעדאַכטע געשעענישן אין בּערגעלסאָנס נייעם בּוך. אַזוי לעבּעדיק, מאַמאָשעסדיק, מיט זייער פולן בּלוט-צאַפּל שטייען אויף פאַר די אויגן די געשילדערטע געשטאַלטן, וואָס בּערגעלסאָן דערהויבּט דאָ צו דער גרויסער מוסטערהאַפטער באַוווסטזיניק-אויסגערעכנטער אָרגאַניזירונג און פאַראַלגעמיינערונג.

בּערגעלסאָנס פּענעק, וואָס ווערט דאָ, אין צווייטן באַנד, א שרייבּער, ענטפערט דעם אַלטן קאַדיסאָנער אַפ דער פראַגע, פאַרוואָס הויבּט זיך אָן די זאַך, וואָס ער שרייבּט, פון א מיטן:

„אַלע זאַכן, וואָס איך שרייבּ,—קנייטשט פּענעק שעמעוודיק מיט די אַקסלען,—הויבּן זיך עפּעס אָן פון א מיטן... מיסטאַמע איז עס דערפאַר, וואָס איך ווייס נאָך בּיכלאַל ניט, ווו איז אין לעבּן אַן אָנהויב, און ווו איז אין לעבּן א סאָף".

בּערגעלסאָן, וואָס דעקט אויף דאָ אין בּוך דורך פּענעקן היפּשע עלע-

מענטשנ פונ זײַנע אײגענע שאפונגס-פּראָצעסנ, האָט ניט צופעליק פּענעקס אלעמערשטע שאפונגס-שפּירונגענ פארבונדנ מיט דער שפּירונג פונ די דירעקטע פּראָצעסנ, וואָס קומענ פאָר אינ לעבנ. פּענעקס געדאנק אפילע וועגנ דעמ, אז ער ווײסט ניט ביכלאל, ווו איז אינ לעבנ אנ אָנהײב און ווו איז אינ לעבנ א סאָפ, אָט דער ריכטיקער אינ טאָכ געדאנק האָט דאָכ געפונענ זײַנ טיפע אײגנארטיקע באוועכטיקונג אינ בערגעלסאָנס שאפונגס-פּרינציפּ פונ דעמ בוכ, דעמ צווײטנ באנד גופע, וואָס שטעלט מיט זיכ פאָר דעמ העמשעכ, די אָרגאנישע פאָרזעצונג פונ בערגעלסאָנס ערשטנ באנד „באמ דניעפּער" און לײענט זיכ דאָכ ווי א פולקומ זעלבשטענדיק ווערק. ס׳איז דערפאר, ווײַל דאָס דאָזיקע בוכ באהאנדלט א שטיק לעבנ אָט אזוי, ווי עס שטײט און גײט, א שטיק לעבעדיק לעבנ, בענעגײע צו וועלכנ ס׳איז ניט אומבאדינגט נויטיק צו ווײסנ, צי איז דאָס אנ אָנהײב, א מיטנ, צי א סאָפ, אָט ווי ס׳איז ניט אומבאדינגט נויטיק צו ווײסנ, צי איז דער הײַנטיקער לעבנס-טאָג א פאָרזעצונג פונ נעכטיקנ, צי ניט?...

אוואדע האָט בערגעלסאָנ זײַנע דאָס מאָל געשילדערטע מענטשנ, זײַנ אופגעשטעלטע האנדלונג ארײַנגעפּאסט אינ לעבנ, אָט ווי די זונ איז ארײַנגעפּאסט אינ דער ארומיקער הימל-אטמאָספער. ער האָט זײ גענומענ פונ לעבנ און אומגעקערט דעמ לעבנ. אָבער האלטנדיק זײ א ווײַלע, האָט ער זײ אומבאמערקט אויסגעקערט מיטנ פּאָנעמ צו יענער זײַט, פונ וועלכער ס׳גײט אופ די שײַנ, וואָס באלויכט און דעקט אופ די פּארווזאבטקײַט, די סאָציאלע געזעצמעסיקײַט פונ אלע דערשײַנונגענ און פּאסירונגענ מיט מענטשנ און וועלט. און אז מע געפינט די דאָזיקע סאמע אײנציקע, סאמע עכטע סאָציאלע באשײַנונג, פארווישט מענ די גרענעצנ, די קאָנטורנ צווישנ קינסטלעריש-געדאכטנ אוןווירקלעכנ לעבנ, דערפאר ווײַל מע האָט דעמ שילדעריש אויסגעטײלטנ שטיק לעבנ פארגאָסנ מיט דער זעלבער שײַנ, מיט דער זעלבער סאָציאלער שטארק אויסגעהאלטענער ליכט, מיט וועלכער ס׳איז פארגאָסנ די גאָרע לעבעדיקע וועלט מיט אירע אלע לעבנס-ענדערונגענ און לעבנס-געשעענישנ.

און, עפּשער, באשטײט אינ דעמ די איקערדיקע פּראָבלעמ פונ בערגעלסאָנס נײַעמ בוכ. דעמ בוכ האָט בערגעלסאָנ געווידמעט דאָכ דער פראגע פונ מענטש, וואָס זוכט די ריכטיקע געזעצנ, וואָס פירנ אָנ מיטנ געזעלשאפטלעכנ לעבנ. דעמ בוכ האָט בערגעלסאָנ געשריבנ אפ צו באווײַזנ, אז עס זײַנענ דאָ די אײנציק-ריכטיקע סאָציאלע געזעצנ, די קלאסנ-געזעצנ, וואָס מיט זײער הילפ איז מעגלעכ צו באשײַנענ די פינצטערסטע ווינקלענ, די טיפסטע ווידערשפּרוכנ פונ געזעלשאפטלעכנ אויסקומעניש אינ די צײַטנ פונ דער בורזשואזער הערשונג. ווענ די פײַנטלעכסטע אינטערעסנ אפילע און אָנשויונגענ זײַנענ אָפטמאָל געווענ צוזאמענ איבערגעפלאָכטנ און פארפלאָנטערט. דעמ נײַעמ בוכ זײַנעמ האָט בערגעלסאָנ געווידמעט דער צײַט פונ אָנהײב 20-טנ יאָרהונדערט, דער צײַט פונ גרויזאמע צארישע פּאָגראָמענ און רעוואָליוציאָנערער אופוואכונג און ערשטער אָרגאניזירונג פונ די ארבעטער-מאסנ. דעמ דאָזיקנ היסטאָרישנ געזעלשאפטלעכנ קנויל פונ יענער צײַט איז בערגעלסאָנ געקומענ צו באזיניקנ, באווײַזנדיק, ווי אפ דער באזיניקונג גופע זײַנענ דעמלט געוואקסנ די בעסטע פונ דער מענטשהײַט, וואָס האָבנ זײער העלנ באוווסטזײַנ אויסגעקעמפט אינ ביטערע און בלוטיקע קלאסנ-שלאכטנ.

## .2

„מע דאַרף דערקלערן מענטשן,—האָט לעניִן געזאָגט,—די רעאַלע אום-
שטענדן, ווי גרויס איז די געהיימניס, אין וועלכער מילכאָמע ווערט גע-
בוירן". ס׳איז באַוווּסט דאָס וואָרט, אַז מילכאָמע איז פאָרזעצונג פון פּאָלי־
טיק, נאָר מיט אַנדערע מיטלען. איז צי הייסט דען ניט, אַז אויך די טאָג-
טעגלעכע פּאָליטישע מילכאָמע פונעם קאַפּיטאַל שטעלט אויך מיט זיך פאָר
אַ געהיימניס, אַ גרויסע געהיימניס, וואָס פאָדערט אַ דערקלערונג פון די
רעאַלע אומשטענדן, אין וועלכע די דאָזיקע פּאָליטיק ווערט געבוירן.
און אָט, שילדערנדיק אַ צײַט, ווען די פאַרגאַנגענע צאַריש-
קאַפּיטאַליסטישע טאָג-טעגלעכע מילכאָמע האָט אָנגענומען איינע פון
אירע שאַרפסטע בלוטיקע ווענדונגען, איז בערגעלסאָנען געראָטן באַווײַזן די
גרויס פון דער געהיימניס, אַראָפּנעמען פון איר דעם שלייער, אויפדעקנדיק
דעם באַהאַלטענעם מעכאַניזם, די גאָרע קאָמפּליקאַציע פון די פאַרשיידענע
אָנגעווענדעטע מיטלען אין קאַמף קעגן די אויפוואַכנדיקע מאַסן, אַ קאַמף,
וואָס די הערשנדיקע אונטערדריקער האָבן מערדעריש געפירט, שענדנדיק
דאָס לעבן פון מענטשן און פעלקער. טראָט נאָך טראָט און גאַנג נאָך גאַנג
שטעלט בערגעלסאָן מײַסטעריש אויף אין זײַן נײַעם בוך די פאַרבאָרגענע
טײַוולשע לאַבאָראַטאָרישע אַרבעט פון די דעמאָלטיקע מאַכטהאָבערישע קלאַסן
און שיכטן, די אַרבעט, אין וועלכער די אַלע קלאַסן און שיכטן האָבן גענו-
מען אָנטייל יעדערער לויטן גראַד און מאָס פון זײַנע אייגענע עקאָנאָמישע
און סאָציאַלע אינטערעסן און אַפּעטיטן.

ס׳איז מאַמעש צו באַוווּנדערן, וויאַזוי בערגעלסאָן האָט אויפגעשטעלט
דעם סאָציאַלן לייטער פון דער טרעפּמעסיקער גראַדויִרטער פּריציש-צאַרישער,
בורזשואַזער און קליינבירגערלעכער געזעלשאַפט פון יענער צײַט. די דאָזיקע
געזעלשאַפט האָט בערגעלסאָן ביז מינדסטן דיפערענצירט און דאָך, ווי איין
גאַנצע און גרויסע, קעגנגעשטעלט קעגן דעם צווייטן טייל פון דער מענטש-
הייט, קעגן דעם טייל פון די אַרבעטנדיקע פון אַלע פעלקער, קעגן דעם גאַנצן און
גרויסן האָרעפּאַשנע פאָלק בעראָש מיט זײַן פירנדיקן קעמפערישן אַרבעטער-אַוואַנ-
גאַרד. און האַנדלענדיק האַנדלט זיך עס דאָך ניט וועגן קיין פּובליציסטישער
אויסקלאָרונג, עס האַנדלט זיך וועגן אויפגעשטעלטע לעבעדיקע בלוטפולע
מענטשן, וועגן אינדיוויִדואַליזירטע פּערזאָנען, יעדער פּערזאָן מיט איר איי-
גענעם כאַראַקטער, מיט אירע פּסיכאָלאָגישע אויפירונגען און איבערלעבונגען,
וואָס דריקט אויס אין סאַכאַקל איר אָנגעהעריקייט צו אַ באַשטימטן קלאַס און
שיכט. בערגעלסאָן טיפּיזירט דאָך זײַנע געשאַפענע געשטאַלטן אייִנצײַטיק מיט
דער טיפסטער אינדיוויִדואַליזירונג. און טיפּיזאַציע באַדײַט, אייגנטלעך, אויס-
געפינען די סאָציאַלע געזעצמעסיקייט פון די אינדיוויִדועלע האַנדלונגען און
אויפירונגען, און מיט דעם גופא ווערט די געשטאַלט אויפגעדעקט אין דער
ריכטונג פון איר פאַרבינדונג מיט די געזעלשאַפטלעכע פּראָצעסן, אין דער
ריכטונג, הייסט עס, פון איר פאַרבינדונג מיט קלאַס און שיכט.

ווי פאָלטאַראַק, דער באַלעבאָס פון דער הענטשקע-מאַכערײַ, זאָל ניט
זײַן ווײַט פונעם מיליאָנער שאַוועל, פאַר וועלכן בערגעלסאָן האָט אויסגעפו-
נען די פּלעטנדיקע, אויסשעפּנדיקע כאַראַקטעריסטיק, אַז ער פילט זיך, ווי אַ

מענטש פונ א באזונדערער ראסע — האָט דאָכ בּערגעלסאָנ צווישנ די בּיידע דורכגעצויגנ אזוינע אומגעזועענע ליניעס, צוגעבּונדנ זיי צו איינער און דער זעלבּער אייגנטימערישער לעבּנס-אופפאסונג, צו איינער און דער זעלבּער מאָראל, ניט געקוקט אפ דער גרינטלעכער פארשיידנקייט פונ זייערע לאגעס אינ דער קאפּיטאליסטישער געזעלשאפט. דאָס זעלבּע איז אויכ פונ דער צווייטער זייט די ליניעס, וואָס ציענ זיכ פונעמ פורמאנ ליפענ, דעמ בּענדיוזשניקס אָנטרייבּער, צו דעמ אונטערערדישנ טוער „לעגינס מענטשנ" קלימ. ווי פארשיידנ, אנדערשדיק עס זאָלנ ניט זיינ די וועלטנ, אינ וועלכע די בּיידע זיינענ געוואָקסנ און אופגעקומענ, פאראייניקט זיי איינ קראפט, וואָס האָט ארויסגערופנ צומ לעבּנ די אידיי פונ סאָציאליזמ, די קראפט, וועלכע בּערגעלסאָנ האָט אזוי דורכדרינגלעכ שארפ כאראקטעריזירט, שילדערנדיק ווי אָלגע און קלימ, וואָס זיינענ אויכ בּיז אהער געווענ פרעמד צווישנ זיכ, שפּאנענ „אקסל בּא אקסל" איבּער די שטאָטישע גאסנ: „פינצטער, ווי די נאכט — דערציילט בּערגעלסאָנ — איז פאר יעדנ פונ זיי געווענ דער אָוועט פונעמ צווייטנ. בּאלויכטנ זיינענ זיי איינער פארנ אנדערנ געוואָרנ נאָר דאָ, אפנ בּאָינ, ווו זיי האָבּנ זיכ בּאגעגנט. און דאָכ איז שטארקער פונ אלערליי קרויוועשאפטנ געווענ די קראפט, וואָס האָט זיי צונויפגעפירט". ס'איז די קראפט אפ צו שטורמעווענ דעמ סויגעס מויערנ, ווי אָלגע טראכט שפּעטער א ווייל...

## .3

העכער 60 געשטאלטנ האָט בּערגעלסאָנ אופגעשטעלט. גרעסערע און קלענערע אויסגעשפּראָכענע לעבּעדיקע פּאָרטרעטנ, וואָס צעשפּארנ, דאכט זיכ, די ענגע פאר זיי רוימענ פונעמ שילדערונגס-שעטעכ פונעמ בּוכ. דאָס דאָזיקע אליינ וואָלט מעגלעכ געווענ, ווענ דער שרייבּער וואָלט ניט געווענ געפונענ דעמ בּאזונדערנ שילדערונגס-מיטל, וואָס האָט אימ געגעבּנ א מעגלעכקייט אוועקשטעלנ די געשטאלטנ אינ געוויסע „ראקורסנ", בּאלייכטנדיק זיי אזוי, עס זאָלנ ארויסטרעטנ די הויפּט-צייכנס פונ זייער כאראקטער, פונ זייער אָרט אינ לעבּנ, ניט געקוקט אפנ קליינעמ מאָלערישנ פלאכ, וואָס זיי פארנעמענ אינעמ בּוכ. און דאָס אלצ האָט ווידער א שייכעס פריער פאר אלצ צו דער ריכטיקער סאָציאלער אָריענטירונג פונ די געצייכנטע פיגורנ, צו דעמ מאקסימאל ריכטיקנ פארשטאנד פאר זייערע האנדלונגענ און אופפירונגענ.

בּערגעלסאָנ, דער גרויסער מייסטער פונ שילדערנ שטימונג, פסיכאָלאָגישע איבּערלעבּונגענ, איז דאָ אינעמ 2-טנ בּאנד „בּאמ דניעפּער" אופגעקומענ ווי א קינסטלער פונ דער פילפלאנישער פאבּול, פונ דער בּאוועגונגס-פולער סיוזשעט-ליניע, וואָס האָט פארגרעסערט די ארייַנעמ-אייגנשאפטנ פונעמ בּוכ, געשאפנ פלאצ פאר מערערע געשטאלטנ, אפ אזויפיל אפ וויפל די געשטאלטנ פארבּינדנ זיכ מיט דער געקייטלטקייט פונ דער דינאמישער האנדלונג און פאָדערנ ניט קיינ גענויערע בּאשרייבּונג פונ זייערע אינערלעכע איבּערלעבּונגס-צושטאנדנ, ווי דער פסיכאָלאָגיש-אופגעשטעלטער שטימונגס-טיפּאזש. דערצו דארפ גיינ א רייד וועגנ דעמ גאָר גרויסנ און נייעמ געדאנקלעכנ שטראָמ אינ בּערגעלסאָנס בּוכ, וואָס איז אָנגעפילט מיט געדאנקלעכע ארויסזאָגונגענ און געדאנקלעכע אפילע כאראקטעריסטיקעס פונ די געשילדערטע געשטאלטנ. דער דאָזיקער גאָר גרויסער פראָבּלעמ-אינהאלט פארטיפערט און

באַזיניקט די קלאַסן-לאַגע פונעם טיפּאַזש אין דער געשילדערטער לעבנס-סיסטעם, די באַציִונג און שײַכעס פונעם טיפּאַזש צו דעם אַלגעמײנעם קאָמ-פּלעקס פון די אופגעהויבענע לעבנס־פראַגן און דאַן פאַרשפּאַרט שוין אָפּט-מאָל דער טיפּאַזש אָנלייגן וועג אין זײַן גאַנג צום אייגענעם כאַראַקטער, וואָס האָט די מעגלעכקײַט צו ווערן דורך קאַרגע שטריכן אָרגאַניש-אַרײַנגע־פּאַסט אינעם אַלגעמײנעם געזעץ פון דער סאָציאַל-פּאַרוראַכטער האַנדלונג.

„צו וואָס איז ער מיט זײַנע שרײַבעכצן געגליכן?—דערציילט בערגעל־סאָן וועגן די ערשטע שרײַבער-טריט פון זײַן העלד פּענעק—צו א מענטשן, וואָס באַשרײַבט יעדעס רעדעלע פון א צענומענעם מעכאַניזם, און דעם סייכל פונעם גאַנצן מעכאַניזם הייבט ער ניט אָן צו וויסן".

בערגעלסאָנס גרויסער פאַרשטאַנד פאַרן „סייכל פונעם גאַנצן מעכאַ-ניזם" האָט אים געבראַכט צו איינעם פון די הויפּט-צייכנס פון זײַן נײַעם ראָמאַן—צו די געפונענע סאָציאַלע פאַרבן, וואָס בערגעלסאָן ברענגט אַרײַן אין מינדסטן און דינסטן פּסיכאָלאָגיש-פּאַרטיפּערטן שטריך. ס׳איז עפּעס גאָר א נײַער אויפן פון מאָלן, וואָס געהערט אָן סאָפּעק דער בערגעלסאָנישער אָנווענדונג פונעם סאָציאַליסטישן רעאַליזם. בערגעלסאָן האָט דעם סאָציאַליס-טישן רעאַליזם פאַרגרונטעוועט מיט אויסגעפונענע באַלערעוודיקע סטיל-אייגנ-שאַפטן, מיט נײַע מיטלען פון שילדערונג און קאָמפּאָזיציע. די דאָזיקע מיט-לען האָבן געהאָלפן בערגעלסאָנען אראָפּנעמען און אָפּווישן די גרענעצן צווישן ליטעראַטור אוןווירקלעכקײַט, צווישן ליטעראַטור און „סאַמע דאָס לעבן".

„צו פּענעקן—דערציילט בערגעלסאָן—דערגייט יעדע ענדערונג אין אָרט-מען „הויפּ" דורך אַלע כושים, בעערעכ, ווי צו א פויער יעדע ענדערונג אין וועטער". אָט די פּאַרטיפּטע אופפּאַסונג פון „אַלע כושים" צוזאַמען מיט דער העלער רעוואָליוציאָנערער באַזינונג פון די ענדערונגען אינעם לעבן פון די מאַסן האָט געגעבן בערגעלסאָנען א מעגלעכקײַט אופצושטעלן דעם דאָזיקן צווייטן באַנד „באַם דניעפּער", דעם בוך, וואָס קרוינט בערגעלסאָנס דרײַסיק-יאָריקן ליטעראַרישן לעבנס-וועג, א בוך ווו בערגעלסאָן האָט מײַסטעריש באַ-וויזן, אז ער האָט שוין פאַרווירקלעכט פּענעקס געדאַנק: „אײַנצוקריצן באַ זיך אין זיקאָרן איינמאָל פאַר אַלעמאָל זײַן באַציִונג צו די מענטשן פונעם „הויפּ":

—פעלשן אין זיי?—קיינמאָל ניט!"

דאָס דאָזיקע קלינגט, ווי א שוווּע, אין דעם ליגט די פּאַטעטיק פונעם בוך.

ב. מילער

# וווּנדערלעכע שליסל

די דרײַסיק יאָר, וואָס דאָוויד בערגעלסאָנ איז טעטיק אינ אונדזער ליטעראַטור, די ווערק, וואָס ער האָט פאַר די יאָרנ געשאַפנ, גיבנ אים דאָס רעכט אָפּ אײנעמ פונ די בעקאָוועדיקסטע ערטער אינ אונדזער ליטעראַטור. אָבער דאָס פרײדיקסטע פאַר אונדזער יידישער סאָוועטישער ליטעראַטור באַשטײט אינ דעם, וואָס בערגעלסאָנ, אײנער פונ די קאָריפײענ פונ אונדזער ליטעראַטור, איז ניט געשיכטע, ער איז א מערקווירדיקער אונ ווירקזאַמסטער פאַקטאָר פונעמ הײַנטיקנ טאָג פונ אונדזער יידישער סאָוועטישער ליטעראַטור, ווו ער אַרבעט מיט אונ ווירקט מיט דעם אומופהערלעכנ וווקס פונ דער ליטעראַטור אינ אײנ רײ מיט די עלטערע אונ יינגערע סאָוועטישע שרײַבער, אונ צווישנ זיי אויכ מיט אזעלכע, וואָס זײַנענ ערשט געבוירנ געוואָרנ דאַנ, ווענ דאָוויד בערגעלסאָנ האָט שוינ געהאַט אָנגעשריבנ „נאָכ אַלעמענ".

די סאָוועטישע יידישע שרײַבער פונ דעמ דאָר זײַנענ שוינ טאַקע אויסגעוואַקסנ אונ האָבנ זיכ ליטעראַריש דערצויגנ אינ א גרויסער מאָס אָפּ בערגעלסאָנס ווערק. פאַר זיי זײַנענ מענדעלע, שאָלעמ-אלײכעמ אונ פּערעצ שוינ געוועזנ געשיכטע, אונ בערגעלסאָנ, אזוי צו זאָגנ, דער לעבעדיקער קלאַסיקער, וואָס ריפּט, וואָס ציט מיט דער אויסטערלישער הייכ פונ זײַנע קינסטלערישע דערגרייכונגענ. דער דאָזיקער דאָר שרײַבער האָט אײַנגעזאַפּט אינ זיכ בערגעלסאָנס ביכער אָפּט צוזאַמענ מיט די ערשטע אײַנדרוקנ פונ דער קינדהײַט, וואָס בלײַבנ שוינ אומפאַרגעסלעכ אונ פאָרמירנ אינ א גרויסער מאָס דעמ געשמאַק, דעמ כאַראַקטער.

דעמ אווטאָר פונ די שורעס איז אינ דער פריער קינדהײַט אויסגעקומענ איבערלײענענ היפּש ביכער, פונ וועלכע עס איז ווייניק וואָס, ווי געווײנלעכ, געבליבנ שפּעטער כוצ דעמ באַזונדערנ אַראָמאַט, וואָס א בוכ גיט אינ דער ערשטער פריער ווענדונג צו אימ אונ וואָס כאַזערט זיכ שוינ שפּעטער קײמאָל קײנמאָל ניט איבער. אינ יענער צײַט איז אויסגעקומענ איבערלײענענ אויכ אײנעמ א בוכ, וועלכער האָט זיכ דערנאָכ,—ווײַל ער איז געלײענט געוואָרנ אינ דער פריער קינדהײַט אונ קנאַפּ פאַרשטאַנענ געוואָרנ,— אינגאַנצנ פאַרגעסנ אונ פאַרבליבנ איז פונ אימ אינ זיקאָרנ נאָר אײנ-אײנציק בילד: א וויסט, טונקל פעלד אונ א ליכטיק פענצטער, וואָס באַשײַנט עס... דאָס דאָזיקע בילד איז אזוי פעסט געבליבנ אינ זיקאָרנ, אז מיט דער צײַט האָט זיכ עס אויסגעמישט מיט אַנדערע איבערלעבונגענ פונ דער קינדהײַט איז צווישנ זיי, צוזאַמענ מיט זיי, פאַרבליבנ אומפאַרגעסלעכ אינ האָט אָנגעהויבנ לעבנ א זעלבשטענדיקנ לעבנ. עס האָט זיכ שוינ געגעבנ אויסדאַכטנ, אז היטנער יענעמ ליכטיקנ פענצטער, וואָס באַשײַנט דאָס פּוסטע פעלד, זײַנענ

דאָ אסאך מענטשן, דאָרט איז ביז גאָר לעבעדיק, פריילעך,—מעגלעך, דאָרט קומט פאָר א כאַסענע...

שפּעטער, שוין עלטער ווערנדיק, איבערלייענענדיק א צווייט מאָל די ביכער, וואָס זײַנען געקומען צו דער האַנט אין דער פריער קינדהײַט, האָט זיך אין יעדן בוך געוואָלט געפינען אָט דאָס בילד. ענדלעך, איז עס געפונען געוואָרן באַם איבערלייענען... בערגעלסאָנס „נאָך אַלעמען".

אָט איז עס:

„ס'איז געווען שטאָק־נאַכט, און אין דער בלאַסער כאַשכעס האָט צופיל געשווינדלט דער שניי. ווײַט, ווײַט אין דאָרף האָבן פיל הינט מיט א בילן פון כשאַד די קומענדיקע נאַכט באַגעגנט און לעגענדאַריש-פּכאָדעמדיקע מײַסעס וועגן דער אַרומיקער פוסטער פעלדער־ווײַטקײַט דערציילט:

„דער מאַלכאַמאָוועס לאָקערט דאָרטן אין דער פינצטער... א טויט וואַרט דאָרט אַף יעדן, וואָס דערוועגט זיך אהין אַקעגן נאַכט פון שטעטל אַרויסגיין".

און:

„...איר איינציק באַלויכטן פענצטער, וואָס אין דער הינטערשטער געל-אָפּגעשמירטער וואַנט, שנײַדט זיך שוין מיט רויטער שײַן טיף-טיף אין דער וועלדער-ווײַטקײַט אַרײַן, קוקט צו יענע שטיל-שליטלענדיקע פורן, וואָס קערן זיך פון ערגעץ ווײַט אהיים אַז נאַכטלעגער אום"...

און מיט א פּאָר זײַטלעך ווײַטער:

„ס'איז געווען שפּעט נאָך האַלבער נאַכט, און קײַן לאָמפּן האָבן שוין אינערגעץ ניט געברענט.

ווײַט, ווײַט אינעם באַנאַכטיקן האָריזאָנט, וואָס קעגניבער די פאַרשנייטע פעלדער, האָבן זיך נאָר אין איין לאַנגער שוואַרצער שורע די דעמבענע וועלדלעך געצויגן, און געדוכט האָט זיך, אַז זיי ווילן דרימלען און קאָנען ניט, אַז ס'שטערט זיי פונדאַנען די לאַנגע שײַן פון דער אַקושאָרקעס רויט-באַלויכטענעם פענצטער"...

עס איז, פאַרשטייט זיך, קײַן וווּנדער ניט, וואָס אַזא בילד, אין וועלכן עס קאָנטראַסטירן אַזוי שאַרף דער „מאַלכאַמאָוועס", וואָס „לאָקערט דאָרט אין-דערפינצטער..." „א טויט", „וואָס וואַרט דאָרט אַף יעדן" מיט אַן איין-איינציק באַלויכטן פענצטער, וואָס „שנײַדט זיך שוין מיט א רויטער שײַן טיף-טיף אין דער פעלדער-ווײַטקײַט אַרײַן" פאַלט אַזוי טיף אַרײַן אין זיקאָרן, ביפראַט אין א קינדערשן. מיר איז אָבער דאָך געווען א כידעש, פאַרוואָס איז פון די פיל אויסגעצייכנטע בילדער בערגעלסאָנס פאַרבליבן גראָד דאָס? נאָר אַזוי איז דאָס געווען. און אינטערעסאַנט, אַז אויך ביז איצט איז דאָס ליכטיקע פענצטער שוין פאַרבליבן אין זיקאָרן אין זײַן „אורשפּרינגלעכן" קינדערשן אויסזען, אויך איצטער זעט זיך הינטער דעם ניט די קליינשטעטלדיקע אַקושאָרקע שאַץ מיט אירע אומעטיקע עטלעכע באַקענטע, נאָר אַלץ נאָך, פאַרקערט, עפּעס ביז גאָר לעבעדיקס און פריילעכס, קימאַט א כאַסענע...

ווען מע לייענט און מע לייענט איבער בערגעלסאָנס ווערק—די פריִיקע און שפּעטערדיקע, די גרעסערע און קלענערע,—וואַרפט זיך גלײַך אין די אויגן איין מערקווירדיקער שטריך זייערער, וואָס באַצייכנט עמעסע קונסט: אין-נעם קלענסטן און גרעסטן ווערק זײַנעם, אין א נאָוועלע און אין א ראָמאַן,—איז יעדער איינציקע שורע, יעדער איינציק וואָרט—אַפּן שטרענגסטן דיסקאָנט,

יעדער שורע און יעדער וואָרט איז אויסגערעכנט, אָפּגעקליבנ און אויסגעקליבנ, אַלזײַטיק ארומגעשליַפט, ווי אינ א גוטער ליד, און טאקע דערפאר איז אינ בערגעלסאָנס גרעסטנ ראָמאנ ניט מעגלעכ ארויסצוווארפנ אפילע די קלענסטע שורע. טאקע דערפאר פארגעדענקענ זיכ אזוי זײַנע געשטאלטנ און בילדער.

אינ דעמ זינ איז בערגעלסאָנ פאר שרײַבער א גרויסע שול פונ ערשטקלאסיקער מײַסטערשאפט. און עס איז גאָר קײַנ ווונדער ניט, וואָס יעדער לייענער, ווי נאָר ער באקענט זיכ מיט בערגעלסאָנס ווערק, פאלט ער שוינ צו צומ העלבאלויכטענעמ פענצטער פונ זײַנ רײַכנ גרויסנ קונסטהויז און רײַסט שוינ ניט אָפּ דאָס אויג פונ דער העלער כאסענע פונ פארבנ, געשטאלטנ, בילדער, איבערלעבונגענ, וואָס קומט דאָרטנ פאָר.

גרויסע האָרעפאשנע מי, שווערע האָרעוואניע באמ קנעטנ דעמ פונדאמענט פונ דער אייגענער מײַסטערשאפט—אָט דאָס לערנט בערגעלסאָנ מיטנ הערלעכנ בײַשפיל פונ זײַנ שעפערישער ארבעט. דאָס דארפנ בא אימ לערנענ זיכ אונדזערע ייִנגערע און עלטערע שרײַבער.

בערגעלסאָנ, ווי יעדער גרויסער קינסטלער, פארמאָגט פיל קינסטלערישע זעלבסט-קריטיק, וועלכע באגלייט די גאנצע צײַט זײַנ שעפערישנ פראָצעס. אָט די זעלבסט-קריטיק, וואָס איז אויכ די שטרענגסטע קריטיק באמ קינסטלער, דערלאָזט אימ ניט ארויסצוגעבנ ניט קײַנ גאנצ ווערק, ניט קײַנ באזונדערע שורע פונ האנט ביז זיי קריגנ ניט קײַנ קינסטלערישע פולקומענהײַט; זי צווינגט ארבעטנ איבער א ווערק נאָכ און נאָכ, שוינ נאָכדעמ, ווי די ארומיקע איז עס אפילע געפעלנ, און ווענ אנ אנדער שרײַבער וואָלט זיכ שוינ מיט אָט דעמ ערשטנ דערפאָלג באנוגנט. גרעסטע זעלבסטקריטיק און זעלבסטדיסציפלינ, פראקטישע שטרעבונג צו דערגרייכנ די העכסטע מאדרייגע פונ קונסט און דאָס קענענ אומדערמידלעכ ארבעטנ, קעדיי דערגרייכנ עס—אָט איז דער סאָד, אָט איז דער שליסל פונ בערגעלסאָנס גרויסע דערפאָלגנ, און דאָס דארפ מענ זיכ לערנענ בא אימ.

דער אומגליק פונ אייניקע אונדזערע שרײַבער באשטייט דאָכ דאפקע ניט אינ דעמ, וואָס זיי קענענ ניט געפינענ, נאָר אינ דעמ, וואָס זיי זוכנ ניט די עמעסע ברייטקײַט, טיפקײַט אינ שילדערנ דאָס לעבנ, זיי באנוגענענ זיכ צו אָפט מיט דער ערשטער אויבנויפיקער געלונגענער פראזע, אויסדריק, סצענע, בילד, פארגעסנדיק דאָס, וואָס אזעלכע קינסטלער, ווי בערגעלסאָנ, פארגעסנ קיינמאָל ניט,—אז מע טאָר זיכ פאר קײַנ פאל ניט אָפּשטעלנ אפ גוט, ווײַל עס איז פאראנ בעסער. און אזויווי, ווי באוווּסט, בעסער האָט קײַנ שיר ניט—איז טאקע אומדערמידלעכע ארבעט, אומופהערלעכע זוכענישנ!

דער טרוימ פונעמ קינסטלער איז—וואָס ריכטיקער שילדערנ דאָס לעבנ. אָט די ריכטיקע שילדערונג זוכט ער צו געבנ סײַ אינ גאנצנ ווערק, סײַ אינ יעדנ וואָרט זײַנעמ באזונדער, און מע טאָר זיכ בעשומויפנ ניט באפרידיקנ, ווי אייניקע טוענ דאָס, מיט דער ערשטער קנאפער לעבנס-ענלעכקײַט, וואָס מע דערגרייכט. האָבנ מיר דאָכ טאקע היפש אזעלכע דערציילונגענ, לידער, אפילע ראָמאנענ, ווו אָנשטאָט א ברייטער און טיפער לעבנס-שילדערונג געפינענ מיר בלויז בלאסע ענלעכקײַט אפ לעבנ. פארקערט, אינ בערגעלסאָנס ווערק אָטעמט ארויס דאָס לעבנ אליינ פונ יעדער שורע. אינ דעמ זינ זײַנענ דאָכ טאקע אזוי מערקווירדיק אלע זײַנע ווערק פונ „ארומ וואָקזאל“ ביז דעמ צווייטנ טייל „באמ דניעפער“

וויאַזוי דערגרייכט דאָס בערגעלסאָן? כוץ זײַן מערקווירדיקן טאַלאַנט — מיט גרויסער אָנגעשטרענגטער אַרבעט. ער דאַרף שילדערן אַ מענטשן, אַ געפיל, אַן איבערלעבונג. קיינמאָל וועט ער זיך דערבײַ ניט אָפּשטעלן אויפן ערשטן מעגלעכן וואָרט, וואָס קען דאָס לעפּיערעך איבערגעבן. ער וועט אַלעמאָל זוכן דאָס איינציקע וואָרט, וואָס קען עס איבערגעבן גײַ, פריש, שטאַרק, און וועט זיך ניט באַרויִקן ביז ער וועט אָט דאָס וואָרט ניט געפינען. זײַן טאַלאַנט ווײַזט אים אָן די טיפסטע טיפענישן, ווו מע דאַרף דאָס וואָרט — דעם אויצער זוכן, און זײַן געניטקײַט און אַרבעטזאַמקײַט גיט אים אַ מעגלעכקײַט אין אָט די טיפענישן זיך אַראָפּלאָזן און אַרויסקומען פונדאָרט בעשאָלעם מיטן נויטיקן וואָרט, באַגריף, אויסדרוק. בערגעלסאָנען באַ דער אַרבעט קען מען, ווײַזט אויס, פאַרגלײַכן צו אַ מענטשן, וואָס לאָזט זיך יעדער ווײַלע אַראָפּ אין טיפסטע אַרטעזיאַנישע ברונעמס פון מענטשלעכן געפיל און לעבן און קומט אַלע מאָל אַרויס פון דאָרט — אַ פאַרשוויצטער, אַ פאַרהאָרעוועטער, נאָר מיט אַ גליקלעכן גלאַנץ אין די אויגן — ער האָט געפונען, געפונען דאָרט, ווו קיינער האָט נאָך ניט געזוכט, געפונען טאַקע דאָס, וואָס ער דאַרף...

און נאָך אַ זאַך: בערגעלסאָן זעט שטענדיק פאַר זיך דעם לייענער. ער שטעלט זיך קיינמאָל ניט אָפּ אויף דער ערשטער סטאַדיע אין דער אַרבעט, ווען דאָס אָנגעשריבענע איז שוין קלאָר, דײַטלעך פאַר אים, דעם שרײַבער, ער גייט אַלעמאָל ווײַטער — ביז דאָס געשילדערטע וועט ווערן קלאָר, דײַטלעך און אויפן בעסטן אויפן אָנרעגנדיק פאַרן לייענער.

אין דעם זין איז בערגעלסאָן אַ קאָלאָסאַלער קוואַל פון שעפערישער דערפאַרונג, וועלכע קען געבן אָן אַ שיר יעדן שרײַבער, וואָס וועט קומען די דאָזיקע דערפאַרונג לערנען, איבערקאָכן. פאַר יעדן שרײַבער אונדזערן איז דאָס ביז גאָר נויטיק צו כאָן, נאָך עפּשער אין אַ גרעסערער מאָס, ווי דאָס ווערט איצטער געטאָן, ווײַל בערגעלסאָן איז אין אונדזער ליטעראַטור אַזאַ הויך, וואָס עס איז זי אומעגלעך אויסצומיידן, כאַרבײַגיין מיט אַ זײַט; דאָס איז אַ הויך, וועלכע מע מוז, ווי שווער דאָס זאָל ניט, דורכגיין, יעדער אויף זײַן אייגנאַרטיקן אויפן, פאַרשטייט זיך, — אויב מע וויל גיין און קומען אויפן וועג פון ווײַטערדיקע דערגרייכונגען אין אונדזער ליטעראַטור.

די הויך, וואָס בערגעלסאָן האָט דערגרייכט אין זײַנע ווערק, דאַרף ווערן, אַזוי צו זאָגן, דער קינסטלערישער געוויסן פון אונדזערע שרײַבער.

ווי אָפּט מאַכט זיך, אַז מע שרײַבט אָן אַ גרעסערע אָדער קלענערע זאַך, וואָס איז, אין פלוג, געמאַכט ניט שלעכט, געניג דײַטלעך, געניג בוילעט און לעבעדיק; פאַרגלײַכסטו עס מיט זאַכן פון אַנדערע כאַווײרים, דעם פאַרגלײַך האַלט עס אויס, עס שטײַגט זיי אָפּט, מעגלעך, אַריבער. און מע קען, דאַכט זיך, זײַן צופרידן. נאָר אָט קומט אויפן זינען בערגעלסאָן — און די דערציילונג בליאַקעוועט מיטאַמאָל אָפּ אין די אייגענע אויגן, ווערט מאָדנע גיך אײַנגעשרומפּן, דעם פאַרגלײַך — מיט בערגעלסאָנען — האַלט זי ניט אויס, און דאַן מוז מען זאָגן: אָט דאָס טאָר מען נאָך פון האַנט ניט אַרויסלאָזן, איבער דעם דאַרף מען נאָך אַרבעטן און אַרבעטן. מען זײַן אין דער ליטעראַטור וועט, אַזוי אַרום, דערווײַל ניט צוקומען נאָך איין דערציילונג, דערפאַר וועט אָבער אויך גאָרניט אָפּגענומען ווערן פון איר קאָוועד.

זיך פילן פאַראַנטוואָרטלעך פאַרן קאָוועד פון דער ליטעראַטור, זיך סטאַרען מיט אַלע קויכעס ניט אַראָפּשלעפּן זי פון דער הויך, וואָס זי האָט

דערגרייכט, דאָס דארף זײַן א געזעץ פאר אונדזערע שרײַבער, און אין דעם האָבן זיי פאר זיך א הויכן מוסטער—בערגעלסאָנען.

פאראן אָבער, וואָס איז דאָ צו לייקענען, שרײַבער, וועלכע פּרוּוון זיך „ניט ווי־סנדיק מאכן", אז זיי לעבן אין איין צײַט מיט אזא שרײַבער, ווי בערגעלסאָן. אזוי איז, פארשטייט זיך, גרינגער. די שרײַבער, וואָס גייען אפ דעם דאָזיקן קינסטלערישן ניט ערלעכן וועג טראכטן, פארשטייט זיך, מער וועגן דעם אייגענעם „קאָוועד", איידער וועגן דעם קאָוועד פון דער ליטעראטור. און דאָס דערלויבט זיי אין דער צײַט, ווען בערגעלסאָן דרוקט די פּראכטפולע קאַ־פּיטלען פון זײַן פאלקומסטן ווערק „באם דניעפּער",—ארויסלאָזן דערציילונגען, ראָמאנען, וואָס ראשן איבער מיט זייער אויבערפלעכלעכקײַט, סכעמאטיזם, פוסטקײַט,— וואָס שווימען אויף און פּלאצן ווי לופט־בלעזלעך אפן שטראָמענ־דיקן אויבערפלאך פון אונדזער לעבן, פון אונדזער ליטעראטור.

די דאָזיקע שרײַבער כאפּן דעם אָנבליק פון קליינע קינדער, וואָס שפּילן זיך צופוסנס פון א הויכן בארג אין זאמד: מע נעמט אָן עטלעכע הויפן זאמד,—מע שיט אָן א בערגל, מע טאנצט ארום דעם און מע שרײַט: „א בארג, א בארג", פארגעסנדיק גאָר, פארכאפּט מיט דער שפּיל, אז הינטער זיי שטייט אן עמעסער הויכער בארג מיט פעסטע ריזיקע זייטן.

עס מאכט זיך, אז עמעצער ווײַזט זיי אָן אפ דעם, גיבן זיי בלויז מיט פאורדראָס א מאך מיט דער האנט, ענטפערן אפילע ניט, און זאָגן נאָר איינע צו די אנדערע:

—נו איז וואָס, אז—א בארג? דער בארג איז זיך א בארג, און מיר זײַ־נען מיר...

דערמיט, און נאָר דערמיט, דערקלערט זיך טאקע, ווײַזט אויס, וואָס, בא אונדז דערשײַנען נאָך היפש אויבערפלעכלעכע בלוט־אָרעמע ווערק; וואָס באנאנד מיט שרײַבער, עלטערע און יינגערע, וואָס ארבעטן אָנגעשטרענגט, ערנסט, מיט דער פולער פאראנטוואָרטלעכקײַט, זײַנען אויך פאראן אזעלכע, וואָס גיבן צו ווייניק קאָוועד אונדזער ליטעראטור מיט זייער אָנטייל אין איר, טאקע ווײַל זיי רעכענען זיך מיט די אייגענע פאָדערונגען מער, ווי מיט די פאָדערונגען פון דער ליטעראטור, טאקע ווײַל ווי לוינט זיך ניט ווי־סנדיק מאכן, וועגן די דאָזיקע פאָדערונגען.

און די פאָדערונגען זײַנען גרויסע און ערנסטע.

דאָ גייט, פארשטייט זיך, ניט קײַן רייד וועגן נאָכשרײַבן בערגעלסאָנען, נאָכמאכן אים, — דאָס איז ניט נויטיק און אויך ניט נוצלעך. עס גייט א רייד וועגן דעם, אז יעדער שרײַבער זאָל, ווי בערגעלסאָן, האָבנדיק אים אלס מוסטער, קיינמאָל ניט וועלן אָפּקומען מיט „אבי וואָס", נאָר זאָל שטעלן פאר זיך די שווערסטע אויפגאבע און קענען מאָביליזירן אַלע זײַנע קרעפטן און מעגלעכקײַטן אפ לייזן די דאָזיקע אויפגאבע גלענצנדיק און מיט אייגענע מיטלען. עס גייט דאָ אויך ניט קײַן רייד וועגן דער מאָס פון טאלאנט, עס גייט א רייד וועגן דער מאָס פון ארבעט און פון קינסטלערי־שער ערלעכקײַט. און ווען אָט די מאָס וועט שטיין אפ דער געהעריקער, בערגעלסאָנישער הויך, דאן וועלן מיר האָבן דאָס, וואָס מאיאקאָווסקי האָט גע־פאָדערט—אסאך שרײַבער „גוטע און פארשיידענע", אין וואָס אונדזער ליטע־ראטור נויטיקט זיך און צו וואָס זי גייט.

אין די שורעס, געווידמעט דעם יובילײ פון דאָוויד בערגעלסאָן, אָט

דעם גרויסן יאָנטעוו פון אונדזער ליטעראַטור, האַלטן מיר דאָך, ווי עס איז צו זען, פאַר מעגלעך רעדן ניט נאָר וועגן בערגעלסאָנען, נאָר אויך אָנווײַזן אַף אַנדערע שרײַבער, גלײַכצײַטיק רעדן ניט נאָר וועגן „יאָנטעוודיקע”, נאָר אויך וועגן ריין וואָכעדיקע פראַגן, ווײַל דאָוויד בערגעלסאָן, וואָס די 30 יאָר פון זײַן טעטיקײַט זײַנען 30 יאָר גלענצנדיקע געשיכטע פון אונדזער ליטעראַ-טור, איז דאָך אַליין פאַר אונדז ניט געשיכטע, נאָר א לעבעדיקער ווירקזאַמ-סטער פאַקטאָר פון אונדזער ל י ט ע ר א ר י ש נ ה ײַ נ ט, און דאָס, ווי געזאָגט, איז פאַר אונדז דעם סאַמע פריידיקע אין דעם דאָזיקן יובילײ.

אַנומלטן האָט בערגעלסאָן אין א אינטימען שמועס געזאָגט:

— די צײַט גייט...מע וואָלט געדאַרפט עמעצן איבערגעבן די שליסל...

דאָוויד בערגעלסאָן, וואָס איז צום 30-יאָריקן יובילײ פון זײַן טעטיקײַט געקומען מיט אַזא בוך, ווי דער צווייטער טייל „באַם דניעפּער”, איז אין פולן בלי פון זײַנע שעפערישע מעגלעכקײַטן און ער וועט נאָך מיט זײַנע וווּנדערבאַרע שליסל עפענען פאַרן לייענער ניט איין פּראַכטפולע קינסטלע-רישע וועלט. אין דעם זײַנען מיר זיכער. די ייִנגערע ייִדישע סאָוועטישע שרײַבער, צו זיי האָט דאָס א באַזונדערע שײַכעס, האַרפן בלויז וויסן און פאַרגעדענקען וואָס פאַר א שליסל דאָס זײַנען. סאַכאַקל זײַנען אַזעלכע שליסל פאַראַן בא אים דרײַ: גרויסע מײַסטערשאַפט, הויכע קולטור און, דע-ריקער, — דער שליסל צו אַלע שלעסער פון לעבן און קונסט — די פאָרגעשריי-טנסטע אידיי פון אונדזער צײַט — די אידיי פון מאַרקסיזם-לעניניזם.

מיר ווילן ווינטשן דאָוויד בערגעלסאָנען נאָך לאַנגע יאָר צו נוצן זײַנע וווּנדערלעכע שליסל צו אונדזער אַלעמענס פרייד און גליק. מיר ווילן אַלעמאָל זײַן פון די ערשטע געסט אַף די נײַע שוועלן, וואָס ער וועט פאַר אונדז מיט אָט די שליסל עפענען. ער וועט אונדז שוין נאָר מוזן מוחל זײַן, וואָס מיר ווילן זיך ניט איילן אַזוי גיך אַוועקגיין פון זײַנע מאַיאָנטקעס, און וואָס מיר ווילן זיך מיט א באַזונדער נײַגער צוקוקן צו יעדן מינדסטן כייפעצ, צו יעדן פאַרבאָרגנסטן ווינקעלע אין זײַנע רײַכע גיטער.

א. רויטבלאַט

# א בוכ וועגנ סטאַלינענ

(„סטאַלינ", ליטעראַרישע זאַמלונג. צונויפגעשטעלט — כ. נאַדעל. קיעוו, אוקרמעלוכענאַצמינדפאַרלאַג. 1939 יאָר. 764, VI זײַטנ. פּר. 30 רובל)

דער דאָזיקער ווערטפולער בוכ איז דערשינענ צום 60-טנ געבורטס-טאָג פונ יאָסיפ וויסאַריאָנאָוויטש סטאַלינ. דער בוכ באַשטייט פונ 5 אָפּטיילנ. דער ערשטער אָפּטייל — בריוו פונ די פעלקער פונעם ראַטנפאַרבאַנד צו דעם כאַווער סטאַלינ, — ווײַזט ווי גאַנצע פעלקער-קאָלעקטיוונ שאַפנ דעם גרויסנ העראָישנ סטאַלינ-עפּאָס.

„ווענ ס'שײַנט די זונ פונ אונדזער מי אונ רו,
איז ווייסנ אַלע, אַז די זונ ביסטו" —

זינגט דאָס אוזבעקישע פאָלק, אויסדריקנדיק דעם לייטמאָטיוו פונ די אַלע פאָלקס-געזאַנגענ.

דער דאָזיקער גרויסער פעלקער-געזאַנג איז געשאַפנ אַפ אַ נײַעם העכערנ אויסגעלײַטערטנ קאָלעקטיוונ באַוווסטזײַנ, א באַפרײַטנ פונ נאַציאָנאַלנ אונ קלאַסעוונ יאָכ, א באַפרײַטנ פונ די רעשטלעכ פונעם קאַפּיטאַליזמ; דאָס איז די שאַפונג פונ א באַוווסטזײַנ א דערהויבענעם ביזנ דערשפּירנ אונ באַזיניקנ די גרויסע פרייד פונ פעלקער-פרײַנטשאַפט אונ פעלקער-ברודערלעכקײַט.

„ס'וועט קיינער די פרײַנטשאַפט בא אונדז ניט צעשטערנ,
זי איז אונדזער לעבנ, זי איז אונדזער פרייד" —
זינגט דאָס ווײַסרוסישע פאָלק.

אַזאַ עפּישע הייכ האָט דערגרייכט דער נײַער קאָלעקטיווער באַוווסטזײַנ — ער שפּיגלט זיכ אָפּ אינ דעם נײַעם פאָלקס-עפּאָס אַפנ עטאַפּ פונ דעם איבערגאַנג פונ סאָציאַליזמ צום קאָמוניזמ. אינ די דאָזיקע געזאַנגענ אונ בריוו שאַפט יעדער פאָלק זײַנ אייגנאַרטיקע ליד, מיט די וואָרצלענ צעגייענ זיכ די דאָזיקע געזאַנגענ אינ די טיפנ פונ פאַרשיידענע נאַציאָנאַלע באָדנס, אָבער איינ טעמע פאַראייניקט זיי — אַלע פעלקער באַזינגענ זייער אופגעוואַכט, אוסגעריכט פריידיק לעבנ, זיי אַלע זינגענ די נײַע גרויסע ליד פונ פעלקער-פרײַנטשאַפט אונ פעלקער-ברודערשאַפט. זיי אַלע זינגענ וועגנ דעם מענטשנ, וואָס זײַנ נאָמענ איז דער סימוואָל פונ אָט דער פעלקער-פרײַנט[...]ונ פעלקער-ברודערשאַפט.

דער צווייטער אָפּטייל פונעם בוכ איז — סטאַלינ אינ דער [...]טונג. דאָ זעענ מיר ווי אינ דער פאָלקס-פּאָעזיע פונ אַלע פ[...] סטאַלינ דער סימוואָל פונ דעם סאַמע דערהויבנסטנ, [...]כטיקסטנ.

די כאַראַקטעריסטישע עפּיטעטן פאַר דער סטאַלין־געשטאַלט אין דער פאָלקס־שאַפונג פון די גרוזינער, טאַדזשיקן און אוזבעקן — איז דער אָדלער־עפּיטעט:

„דו ביסט אַן אָדלער אין דער הייך,
וואָס פליט נאָך העכער בערג און וואָלקנס" („גרוזינישע פאָלקס־ליד „דער אָדלער" ז. 84).

מיט אַ באַזונדער דיכטערישער קראַפט איז געגעבן דער סטאַלינישער אָדלער־געשטאַלט אין דער טאַדזשיקישער פאָלקס־ליד „אײַזערנע פליגל" (ז. 92—93):

„וווּ וועסטו געפינען אַזאַ גרויסן אָדלער אין די פּאַמירער בערג,
וואָס זאָל האָבן מיליאָנען אָדלערלעך געטרײַע און דרייסטע?
ניטאָ אַזאַ אָדלער אין די בערג!
אַף יענער זײַט באַרג איז דאָ אַזאַ גליקלעכער אָדלער,
מע רופט אים סטאַלין".

די פאָלקס־פּאָעזיע און פאָלקס־כאָכמע באַצייכנט סטאַלינען, ווי זי האָט באַצייכנט לענינען, מיט פּראָסטקייט אײנײנעם מיט שווונג — שווונג פון געדאַנק, שווונג פון אַרבעט:

„ער איז מיט פּאָשעטקייט געבענטשט,
עס איז זײַן פּרענטש אַ פּראָסטער פּרענטש,
עס איז זײַן שפּראַך אַ פּראָסטע שפּראַך,
ער איז אַף שטענדיק יונג און וואַך.
ער איז דער וווּנדער צווישן אַלע
מיטן נאָמען מענטשן־געני סטאַלין".
(יידישע פאָלקס־ליד „סטאַלין" ז. 129).

אין דער פאָלקס־שאַפונג פון אַ פאָלק, טויזנטער מײַל ווײַט פונעם יידישן, זינגט זיך:

„ער איז פּראָסט און קלוג ווי לענין".
(פון לאַפּאַרער עפּאָס „אַ ליד וועגן כאַווער סטאַלין" ז. 123).

ס׳איז כאַראַקטעריסטיש, אין דער פאָלקס־שאַפונג פון אַלע פעלקער באַגעגנט זיך אין פאַרשיידענע וואַריאַציעס איין טעמע — די שטרעבונג זען סטאַלינען, קומען מיט אים אין באַריר, רעדן מיט אים. איין פאָלקס־ליד דריקט אויס באַזונדערס צאַרט און כיינעוודיק דעם דאָזיקן געפיל:

„עס שטרעבן צום יאַם די טײַכן,
דאָס אײַזן זיך ציט צום מאַגניט;
די גראָזן צו זון זיך הייבן,
אַף דאָרעם דער פויגל פליט;
און מענטשן צום גליק זיך ציִען,
שטרעבן צום גרויסן עמעס,
עס בענקען די הערצער נאָך פרײַנטשאַפט
און ציִען זיך אַלע צו דיר.
אַ שוואַלב וואָלט איך וועלן ווערן,
מיט פליגל מיט פלינקע, פלינקע,
מיט אַ לײַכטן, אַ שלאַנקן קערפּער, —
איך זאָל קענען אין קרעמל זײַן,
איך זאָל כאָטש איינמאָל אַ קוק טאָן,

וי סטאלין דער ליבער שמייכלט".

(„סטאלין", פון לאקיש ז. 134).

אפ דער אייגענער טעמע, נאָר אפ אַן אנדער אויפן ווערט געזונגען אין דער יידישער פאָלקס-ליד: „פויגל, פויגל, פייגעלע":

פויגל, פויגל, פייגעלע,
פאָלג מיך א שליכעס,—
נעם זשע דאָס בייגעלע,
טראָג עס אָפ וואָס גיכער.
פלי, דו פייגעלע, געשווינד,
איבער ווייטע לענגען,
און דאָס בריוועלע אָט דאָס
זאָלסטו אין מאָסקווע ברענגען.
גיב עס איבער אונדזער לערער,
אונדזער גרויסן פריינט,
זאָג אים, אז זיין גרויס געשטאלט
אונדז ווי זון באשיינט".

(יידישע פאָלקס-ליד ז. 112—113).

אין דער דאָזיקער פאָלקס-ליד, ווי אין דער אלטער יידישער פאָלקס-שאפונג, פיגורירט דאָס פייגעלע, דער סימוואָל פון הארציקן ליידנשאפטלעכן בענקען נאָכן טייערסטן און נאָענטסטן. די יידישע פאָלקס-שאפונג האָט שעפעריש אויסגעטרוימט די פייגעלע-פיגור, ווי א מיטל באזיגן די רוים-ווייטן כאָטש אין דער פאָרשטעלונג, ווי א מיטל באהעפטן נאָענטע, וועלכע זיינען רוימלעך ווייט כאָטש אין דער פאנטאזיע.

א גאנצער טייל פון דעם דאָזיקן אָפטייל זיינען—„מייסעלעך וועגן כאָווער סטאלין". די דאָזיקע מייסעלעך לאָזן זיך קלאסיפיצירן לויט די גרונט-גרופעס פונעם מייסעלע-זשאנר: רעאליסטיש מייסעלע, סימוואָליש מייסעלע און וואונדער-מייסעלע. און אומעטום פיגורירט סטאלין דער העלד, דער באפרייער, דער אויסלייזער.

אינטערעסאנט אויך דאָס סימוואָלישע און דאָס פאנטאסטישע מייסעלע טראָגט אין זיך א רעאליסטישן קערן--א ריכטיקע אָפשפיגלונג פון דערווירקלעכקייט: דערמיט שיידט זיך טאקע אונטער דאָס סאָוועטישע פאָלקס-מייסעלע פונעם אלטן פארצייטיקן פאָלקס-מייסעלע: די אלטע פאָלקס-מייסע איז געווען א באהעלטעניש אפ צו אנטלויפן פון דער פינצטערער אומדערטרעגלעכער ווירקלעכקייט אין א ליכטיקער אויסגעטרוימטער פאנטאסטישער וועלט; דאָס סאָוועטישע פאָלקס-מייסעלע איז די לעבעדיקע רעאלע ווירקלעכקייט, פארקערפערט אין דער פאָלקס-קונסט, דער אויסדרוק פון פאָלקס-האָפענונגען און פאָלקס-שטרעבונגען, וועלכע זיינען שוין פארווירקלעכט געוואָרן אפ דער וואָר, און דערפאר קלינגט אזוי אָפטימיסטיש און זיגעריש דאָס סאָוועטישע פאָלקס-מייסעלע, דערפאר איז דער באליבטער העלד פונעם סאָוועטישן פאָלקס-מייסעלע דער, וועלכער האָט פארווירקלעכט אין לעבן די פאָלקס-האָפענונג און פאָלקס-שטרעבונג.

דער דריטער אָפטייל פונעם בוך איז—„די סאָוועטישע שרייבער—דעם כאָווער סטאלין" מיט די סוב-אָפטיילן: פאָעזיע, פראָזע, קינאָ-סצענאריעס. אינעם אָפטייל פאָעזיע פלעכטן זיך איבער פארשיידענע מעטאָדן און מיטלען

פון דיכטערישן ארויסברענגען און דיכטערישן אנטפּלעקן די געשטאַלט פו-נעם כאַוואַר סטאַלין. איינציקע פּאָעטן ווי צ. ב. דער בוריאַט-מאָנגאָלישער פּאָעט צידענע גאַלסאַנאָוו אָפּערירט אין זיין פייגער מייסטערהאַפטער ליד „סטאַלין-באַטאָר” (ז. 197—198) מיט דעם אַסאָציאַטיוו-בילדערישן פאַרגלייכ-מעטאָד:

„איז א בארג דאָ אין מיין לאַנד,
צו דעם שפּיץ פון יענעם בארג
מ׳איז דערפליען ניט אומשטאַנד...
— — — — — — — — — — — — —
ער איז טיפער פון בייקאַל” (ז. 198).

דער טאַדזשיקישער דיכטער-אָרדענטרעגער גאַסעם לאַכוטי האָט אין דער באַלאַדע „א רייזע אין לעוואָניקן טעמפּל” געגעבן די סטאַלין-גע-שטאַלט אין ראָמאַנטיש-סוידעספּולע לעגענדאַרישע טענער:

„פון וועמען דערציילט מען געשיכטעס אזוי?
און וועמען דאָ זוכט מען אין נאַכטישן בלוי?
און ווו נאָר איך גיי ניט, און ווו נאָר איך קום,
אַן אומרו אין רעדלעך, א רויש אומעטום.
אין איינעם א רעדל—ז׳געשטאַנען א פרוי,
האָט די פרוי צו דער צווייטער געזאָגט אָט אזוי:
געוויס איז זיין קערפּער פאַרמאַטערט פון וועג,
געוויס איז זיין אָנטאָן מיט שטויבן באַדעקט.
אַך, ווען איך קאָן אים געפינען אצינד,
וואָלט איך זיין אָנטאָן געוואַשן געשווינד”.

דער דיכטער האָט דאָ געוויס אויסגענוצט א פאָלקס-מאָטיוו, וועלכן ער האָט אָרגאַניש פאַרייגנט.

נאָענט צו דער דאָזיקער דיכטערישער טראַקטירונג פון דער סטאַלין-געשטאַלט איז ש. האַלקין אין זיין ליד: „וויל ווי ליבלינגען, ווי שטערן” (ז. 213—214):

„קיינער וועט דערביי ניט בייזיין,
קיינעם וועל איך ניט באַווייזן,
קיינער וועט מיין סאָד ניט וויסן
אויסער מיר און מיין געוויסן,
וועמען איך האָב אויסגעקליבן,
די, וואָס כ׳האָב מיין שטים געגעבן,
וועמען איך פאַרטרוי מיין לעבן,
וועמען כ׳רופ אָן וועלט-באַפרייער,
ווער ס׳איז ווי מיין הארץ מיר טייער,
וויל ווי ליבלינגען, ווי שטערן,
אין דער שטיל געוויילט זיי ווערן,
און אף אלע זיי איינינעם
שטראַלט און פאַלט די שיין פון איינעם.

דער דיכטער צווינגט אונדז דערשפּירן די סאַמע אינטימסטע געפילן און איבערלעבונגען פון א סאָוועטישן מענטשן.

דער אָפּטייל פון פּראָזע און קינאָ-סצענאַריעס דערגאַנצט מיט נייע

שטריכן די גרויסע סטאַלין-געשטאַלט. דאָ זײַנען געגעבן אויסצוגן פון ביכער און קינאָ-סצענאַריעס: יאַקאָוו איליִן — „אַפן װײַטן מיזרעך", פּ. פּאַנפיאָראָוו — „געוועזן בײַ סטאַלינען", נ. פּאָגאָדין — „דער מענטש מיט דער ביקס", א. קאַפּלער — „לענין אין אָקטיאַבער" א. א. וו.

פאַרכאַפּנדיק אינטערעסאַנט איז דער פערטער אָפּטייל פונעם בוך — „זיכרוינעס און באַגעגענישן". די העלדן פונעם לאַנד טשקאַלאָוו, בײַדוקאָוו שילדערן סטאַלינס גרויסע פּאַטערלעכע זאָרג פאַרן לעבן פון א מענטש. סטאַכאַנאָוו גיט ריכטיק איבער סטאַלינס טיף ערנסט אַרײַנטראַכטן זיך אין יעדער פראַגע און זײַן קענען אפן אָרט געניאַל פראַסט זי לייזן. זייער אינטערעסאַנט אין זין פון ריכטיק אַנטפּלעקן נײַע שטריכן פון דער סטאַלין-פּערזענלעכקייט זײַנען די קאַפּיטלען פון די כאַווערים ק. יע. וואָראָשילאָוו און זינאַידא אָרדזשאָניקידזע. די דאָזיקע זיכרוינעס היטן אײַן דעם באַטײַט פון עכטער דאָקומענטאַלישקייט און וואַקסן אײַנצײַטיק אַריבער אין קונסט-ווערק.

דער בוך פאַרענדיקט זיך מיטן אָפּטייל „קינדער — סטאַלינען". דאָ ווערט געגעבן דאָס געשטאַלט פון כאַווער סטאַלין אין דער קינדער-שאַפונג. דאָס איז בעעמעס א פּראַכטפולער בלומען-בוקעט. אלס עפּיגראַף צו דעם דאָזיקן קאַפּיטל קאָנען דינען די שורעס פון סאָרע קאַהאַנס ליד: „א בוקעט סטאַלינען":

„איך טראָג זיי סטאַלינען, דעם ליבן סטאַלינען,
עס האָבן קינדער מיך צו אים געשיקט,
איך זאָל אים אָפּגעבן פון אונדז, פון אַלעמען
א דאַנק, א האַרציקן, פאַר אונדזער גליק" (ז. 308).

דאָ דערזעען מיר די העלע סטאַלין-געשטאַלט דורך דער פּריזמע פונעם קינדס אויפנעמען; דאָ דערשפּירן מיר ווי נײַע שײַן פון דער ליכטיקער סטאַלין-געשטאַלט פאַלט אף אונדז פון דער פּערספּעקטיוו; ווי די שײַן פון דער סטאַלין-געשטאַלט פאַרלויפט א מענגע דוירעס און שײַנט אויך דאָרטן, אין דער טיף פון דער קומענדיקער מענטשלעכער געשיכטע.

דער דאָזיקער מערקווירדיקער בוך איז ווערטפול פון פאַרשיידענע שטאַנדפּונקטן: דער בוך עפנט אוף פאַרן יידישן מאַסן-לייענער גאַנץ נײַע שטראָמען פון פרישע, נײַע געפילן, געדאַנקען און וועלט-שפּירונגען פון אויפגעריכטע ברידערלעכע פעלקער און ער אַנטפּלעקט פאַר אונדז העלע ליכטיקע שטריכן פון דער גרויסער און מערקווירדיקער סטאַלין-געשטאַלט.

דער דאָזיקער בוך איז א ווערטפולער אײַנלאַג אין דער יידישער קינסטלערישער ליטעראַטור, ס'איז א בעפיירעשער פאַרדינסט פונעם צונויפשטעלער פון דעם דאָזיקן בוך — כ. נאַדעל.

דער בוך איז פײַן אַרויסגעגעבן. די איבערזעצונגען זײַנען געלונגענע. איך וויל נאָר אָנווײַזן אף איין וועזנטלעכן בלויז: די פאָלקס-לידער, וועלכע ווערן געזונגען, וואָלטן דאָ באַדאַרפט געגעבן ווערן מיט נאָטן. מע טאָר ניט אָפּרײַסן בײַ א פאָלקס-לידער דעם טעקסט פון דער מוזיק. ס'זײַנען דאָך פאַראַן טעקסטן, וואָס ווערן געשאַפן איינעם מיט דער מוזיק, און ווען מע צערײַסט זיי, גייט פאַרלוירן א גאַנצע גאַמע פאַרבן. דאָס קען אָבער פאַריכט ווערן אין דער 2-טער אויסגאַבע. עס איז אומבאַדינגט נייטיק אַרויסלאָזן דעם בוך אויך אין א מאַסן-אויסגאַבע. דער דאָזיקער בוך איז א פרײדיקע און טײַערע מאַטאָנע פאַרן יידישן סאָוועטישן לייענער.

# כראָניק

## די פײַערונג פונעם 30־יאָריקן יובילײ פון דער ליטעראַרישער טעטיקייט פון דאָוויד בערגעלסאָן אין געגנט

אין דער גאַנצער געגנט איז ברייט אָפּגעמערקט געוואָרן דער 30-יאָריקער יובילײ פון דער ליטעראַרישער טעטיקײַט פון דאָוויד בערגעלסאָן. די יובילײ-קאָמיסיע, וועלכע איז געשאַפן געוואָרן דורכן געגנטקאָם אַלקפ(ב), האָט דורכגעפירט אַ גאַנצע רײ פאָרטראַגן און לעקציעס געווידמעט דעם יובילייאַר.

אויף די אונטערנעמונגען פון ביראָבידזשאַן — אויף דער נײַ-פאַבריק, אויף דער פאַבריק א. נ. פון דימיטראָוו, אין אַרטעל „מעטאַליסט“ א. אַנד. זײַנען אָרגאַניזירט געוואָרן ליטעראַרישע אָוונטן, אויף וועלכע די אַרטיקע שרײַבער האָבן געלייענט פאָרטראַגן וועגן דער שאַפונג פונעם שרײַבער און די אַרטיסטן פונעם ביראָבידזשאַנער טעאַטער א. נ. פון ל.מ. קאַגאַנאָוויטש האָבן אינסצענירט און פאָרגעלייענט אויסצוגן פון זײַנע ווערק.

דעם 25 אַפּרעל איז אין מעלוכישן טעאַטער א. נ. פון ל. מ. קאַגאַנאָוויטש פאָרגעקומען אַ פײַערלעכע יובילײ-זיצונג מיטן אָנטייל פון די פאַרטייִשע און סאָוועטישע אָרגאַניזאַציעס, אַרבעטער, סטאַכאַנאָווצעס און סאָוועטישער אינטעליגענץ פון דער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט.

מיט אַ פאָרטראַג אויף דער טעמע „30 יאָר ליטעראַרישע טעטיקײַט פון דאָוויד בערגעלסאָן“ איז אַרויסגעטראָטן דער כ. ב. מילער. אין נאָמען פון דער יובילײ-זיצונג האָט מען געשיקט דעם יובילייאַר אַ באַגריסונגס-טעלעגראַם.

דער אָוונט האָט זיך פאַרענדיקט מיט אַ גרויסן קאָנצערט פון אויסצוגן פון דעם כ. בערגעלסאָנס פּיעסן, וועלכע עס האָבן צוגעגרייט די אַקטיאָרן פונעם ביראָבידזשאַנער טעאַטער.

יובילײ־אָוונטן זײַנען אויך דורכגעפירט געוואָרן אין קאָלווירט „וואַלדהיים“, אין ייִשעוו ניקאָלאַיעווקע, אין ייִשעוו לאָנדאָקאָ און אין אַנדערע פונקטן פון דער געגנט.

די געגנטלעכע פּרעסע האָט ברייט אָפּגעמערקט דעם יובילײ פונעם כ. בערגעלסאָן.

## די גאַסטראָלן פונעם ביראָבידזשאַנער ייִדישן טעאַטער א. נ. פון ל. מ. קאַגאַנאָוויטש אויף אוקראַינע

אין אָנהייב מײַ איז דער ביראָבידזשאַנער ייִדישער טעאַטער א. נ. פון ל. מ. קאַגאַנאָוויטש אַרויסגעפאָרן אין אַ גאַסטראָל-רײַזע אויף אוקראַינע. ער

האָט געפירט מיט זיך די שטעלונגען „אוריִעל אקאָסטא“, „מאָלצײַט“, „בלאָנדזנדע שטערן“, „מילך און האָניק“ א. אנד.

דעם 20-טן מײַ איז אינעם קיעווער טעאטער א. נ. פון פראנקאָ מיט גרויס דערפאָלג דורכגעגאנגען דער ערשטער ספּעקטאקל „אוריִעל אקאָסטא“. די געזעלשאפטלעכקייט פון קיעוו האָט הייס באגריסט דעם טעאטער מיט זײַן קומען אין דער הויפּט-שטאָט פון אוקראַינע.

א גרופּע ארטיסטן פון טעאטער האָט אופגענומען דער סעקרעטאר פון צק קפּ(ב) או כ׳ ליסענקאָ.

דער טעאטער וועט אויך באזוכן די שטעט: ניקאָלײַעוו, בערדיטשעוו, זשיטאָמיר, קאמענעץ-פּאָדאָלסק, טשערניגאָוו און פּראָסקוראָוו.

נאָכן פארענדיקן די גאסטראָלן אין אוקראַינע, וועט דער בּיראָבידזשאנער טעאטער לויט דער אײַנלאדונג פונעם קאָמיטעט פאר קונסט-אָנגעלעגנהייטן באַם ראטספאָלקאָם פון פססר ווײַזן 10 ספּעקטאקלען אין דער הויפּט-שטאָט פון פארבאנד — אין מאָסקווע.

# די גאסטראָלן פונעם קיעווער יידישן טעאטער פארן יונגן צושויער אין בּיראָבידזשאן

אין מײַ האָבן אין בּיראָבידזשאן זיך אָנגעהויבן די גאסטראָלן פון קיעווער יידישן טעאטער פארן יונגן צושויער, וועלכער באזוכט אונדזער געגנט צום צווייטן מאָל (דאָס ערשטע מאָל איז דער טעאטער געווען אין בּיראָבידזשאן אין 1397 יאָר).

דער טעאטער, וועלכער איז געקומען אהער אין פולן באשטאנד און האָט געבראַכט מיט זיך [illegible] צווישן זיי „200.000“ פון שאָלעם-אלייכעם, „קאנטאָניסטן“ פון נ. שמאַין און פּ. סיטאָ, „אין די בערג פון אָסעטיע“ פון א. גאָנטאר א. אנד., איז זייער וואַרעם אופגענומען געוואָרן דורך דעם בּיראָבידזשאנער צושויער.

עס זײַנען מיט דערפאָלג דורכגעגאנגען די שטעלונגען „באפרײַונג“, „אין די בערג פון אָסעטיע“, „קאנטאָניסטן“, „200.000“ א. אנד., וועלכע האָבן געהאט א גרויסן דערפאָלג באַם צושויער.

# יובּיליי פון פּ. אי. טשײַקאָווסקי

די געזעלשאפטלעכקייט פון בּיראָבידזשאן האָט פײַערלעך אָפּגעמערקט דעם 100-טן יאָרטאָג זינט דעם געבורט פונעם גרויסן רוסישן קאָמפּאָזיטאָר פּ. אי. טשײַקאָווסקי.

אין טעאטער איז פאָרגעקומען א גרויסער טשײַקאָווסקי-קאָנצערט מיטן אָנטייל פון דער מאָסקווער מעלוכישער קאָנסערוואטאָריע.

א קאָנצערט פון די ווערק פונעם גרויסן קאָמפּאָזיטאָר האָט אויך ספּעציעל צוגעגרייט די בּיראָבידזשאנער מוזיק-און באלעט-שול.

# דעקאדניק פון ארל האָפּשטיין

אין מײַ איז פאָרגעקומען אן אָרדנטלעכער דעקאדניק פון די בּיראָבידזשאנער שרײַבער, געווידמעט דער שאַפונג פונעם בּיראָבידזשאנער דיכטער ארל האָפּשטיין, וועלכער האָט פארגעלייענט עטלעכע ציקלען לידער פונעם בוך, וועלכן ער גרייט צום דרוק.

עס איז אָפּגעמערקט געוואָרן, אז דער כ׳ ארל האָפּשטיין ארבעט מיט דערפאָלג אין זשאנר פון דער קורצער לירישער [illegible]. עס איז אָנגעוויזן

געוואָרנ, אז דער דיכטער דארפ פאר־ברייטערנ דעמ קרייַז טעמעס אונ זיכ דרייסטער נעמענ צו גרעסערע לידער, געווידמעט דער בויונג פונ דער יידישער אווטאָנאָמער געגנט.

עס זייַנענ באזונדערס גוט אויסגעפּונ־מענ געוואָרנ די לידער „אָט אזוי גע־בוירנ ווערנ היימענ", „אפ וואָלאָטשייַ־עווקער סאָפּקע" אונ אנדערע.

# די איבערוואנדערונג אינ געגנט

פאר די פארגאנגענע כאדאָשימ פונעמ לויפנדיקנ יאָר זייַנענ אינ די קאָל־ווירטנ פונ געגנט אָנגעקומענ פיל יידנ — איבערוואנדערער פונ בער־דיטשעוו, שפאָלע, דניעפּראָפּעטראָווסק, 98 פאמיליעס האָבנ איבערגעוואנדערט פונ דער ווייַסרוסישער ססר. די נייַע קאָלווירטניקעס זייַנענ אָנגענומענ גע־וואָרנ אינ די קאָלווירטנ „וואלדהיימ", א. נ. פונ מאָלאָטאָוו, „20 יאָר אָקטיא־בער" א. אנד.

# קינאָ־כראָניק וועגנ בּיראָבידזשאנ

אינ צוזאמענהאנג מיטנ 6-טנ יאָרטאָג פונ דער יידישער אווטאָנאָמער געגנט האָט די כאבאראָווסקער סטודיע פונ קינאָ-כראָניק געשאפנ א כראָניקאלנ פילמ וועגנ בּיראָבידזשאנ.

דער דאָזיקער פילמ ווערט שוינ דעמאָנסטרירט אפ די עקראנענ פונעמ ראטנפארבאנד.

# באמערקטע דרוקפעלערנ

| זייַט | שורע | אָפּגעדרוקט | מע דארפ לייענענ |
|---|---|---|---|
| 6 | 2 פונויבנ | דודכ | דורכ |
| 6 | 4 פונויבנ | געזעלשאפלעכע | געזעלשאפטלעכע |
| 10 | 22 פונויבנ | אופגעשטאנאנ | אופגעשטאנענ |
| 17 | 12 פונויבנ | איַיגעגעסנס | אייַנגעגעסנס |
| 27 | 10 פונויבנ | באטרעכטנ | באטראכטנ |
| 28 | 3 פונויבנ | נאסליעדסוואָ | נאסליעדסטוואָ |
| 30 | 4, 9 פונונטנ | אנטיסעמעטיזמ | אנטיסעמיטיזמ |
| 38 | 5 פונויבנ | טאָפּקאָלסאָפּ | סאָפּקאָלסאָפּ |
| 74 | 12 פונויבנ | שליעפע | שליאפע |
| 80 | 16 פונויבנ | זיכנ | זיכ |
| 138 | 4 פונונטנ | 1397 | 1937 |

# אינהאַלט

זײַט



## איבער דער געגנט



## קריטיק און ביבליאָגראפיע



רעדקאָלעגיע

Корректор—Г. Вайнтройб. Сдано в набор 23/III-40 г.
Подписано к печати 17/VI—40 г. формат бум. 82Х96 1/16 8 3/4 п. л.
Обллит № 613 Тираж 1500

Биробиджан, ул. Ленина 26, типография исполкома областного Совета депутатов трудящихся. Заказ 340.